מוישע קולבאַק

# זעלמעניאַנער

ערשטער בוך

צענטראַלער פעלקער־פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר.
מאָסקווע ◆ כאַרקאָוו ◆ מינסק ◆ 1931

# 1

## זעלמעניאנער.

אָט דאָס איז רעב זעלמעלעס הויף.

א פארצײַטיקער מויער מיט א צעקרישלטן טינק און צווײ שורעס הײַזער פול מיט זעלמעלעך. פאראנען נאָך שטאלן, קעלערן, בוידעמער. דאָס אלץ זעט אויס ווי א שמאָל געסל. זומער, באם שאריען אף טאָג, פלעגט דער קלײנער רעב זעלמעלע ארויסגײן אָט אהער אין הוילע גאטקעס. דאָ פלעגט ער איבערטראָגן א ציגל, דאָ פלעגט ער מיט גאָר די קויכעס טראָגן מיסט אף א רידל.

פונוואנען שטאמט רעב זעלמעלע?

אין דער מישפּאָכע איז אומגעגאנגען א העסבער, אז ער שטאמט פון „טיף ראסײ". יעדנפאלס האָט ער שוין דאָ הי כאסענע געהאט מיט דער באָבע באשען, וואָס איז נאָך דעמלט, קענטיק, געווען א מײדל, און דאָ האָט זי אויך אָנגעהויבן קינדלען.

די באָבע באשע, גיט מען איבער, האָט געקינדלט גאָר אָן שום אויסרעכענונג, נאָכאנאנד, מיט א מין טירעף, און די קינדער פון איר טראכט האָבן זיך באקומען ווּקסיקע און שווארצע, מיט ברײטע פלײצקעס—עמעסע זעלמעניאנער. די קינדער פלעגן שפּעטער איבערגײן אין רעב זעלמעלעס רעשוס, ד. ה., קײן אם איז ער ניט געווען, ער פלעגט אביסל אָפּוואַרטן און נאָכדעם אָפּגעבן זײ פאר באלמעלאָכעס.

אײנעם, פאָליען, האָט ער שוין צו צען יאָר געמאכט פאר א גארבער, צוליב א מײַסע עפּעס מיט א פערד.

מען האָט זיך ניט ארומגעזען, ווי די קינדער גופא האָבן אָנגעהויבן צו קינדלען. שניר זײַנען צוגעקומען פון פארשײדענער פּרוכפּערקײַט, אויך אײדעמס אלערלײ, אלץ נײַע קויכעס, ביז די שכײנים פון הויף האָבן זיך געמוזט מאטריען זײַן. אלע הײַזער זײַנען אָנגעפּראָפּט געוואָרן

מיט זשוואַווע, שווארצע זעלמעלעך. בלאָנדע האָבן זיך דורכגעוואָרפן ווייניק. דאָס אויך — צווישן מיידלעך, אין קלאל געגומען, א דינער שיכט, וואָס האָט זיך ניט שטארק ארויסגעזען. א פּאָר געלע כעוורע זיינען צוגעקומען שוין פאר דער לעצטער צייט, אין די סאמע לעצטע עטלעכע יאָר. ווי אזוי אָט די האָבן זיך ארייַנגעכאפּט אין דער מישפּאָכע, איז נאָך ניט אופגעקלערט געוואָרן ביז היינטיקן טאָג.

*

די זעלמעניאנער זייַנען שווארצע, ביינערדיקע, מיט ברייטע נידעריקע שטערנס. א זעלמעניאנער האָט א פלייַשיקע נאָז. א זעלמעניאנער האָט גריבער אין די באקן. דאָסראָוו איז ער א רויִקער שווייַגער, וואָס קוקט אף אלעמען פון דער זייַט, האגאם ס׳זייַנען אויך דאָ, דערהויפּט, צווישן דעם יונגן דאָר, שטארקע ריידער און ריידערקעס, אפילע אזעספּענימער, נאָר אין גרונט זייַנען עס שעמעוודיקע רעב זעלמעלעך, וואָס זייַנען ארונטערגעפאלן אונטער פרעמדע האשפּאָעס און מאכן דעם אָנשטעל. די זעלמעניאנער זייַנען פארליטענע, ניט קיין בייזע. זיי שווייַגן כמורנע און פריילעך, האגאם ס׳איז אויך פאראן א באזונדער זעלמעניאנישער נוסעך, וואָס גליט ווי אייַזן.

די זעלמעניאנער האָבן אויסגעארבעט אין מעשעך פון דורעס אן אייגענעם רייעך — א מין ווייכן גערוך פון צוגעלעגענעם היי מיט נאָך עפּעס.

ס׳טרעפט אין א וואגאָן, יידן פאָרן, ס׳איז געפּאקט, מ׳גענעצט צו דעם קאלטן פרימאָרגן, מיטאמאָל רייַבט אויס א ייד די אויגן און טוט א פרעג:

— זייַט אזוי גוט, איר זייַט ניט א נ־ער?

— יאָ.

— זייַט איר ניט רעב זעלמעלעס אן אייניקל?

— יאָ, רעב זעלמעלעס אן אייניקל.

דער ייד פארלייגט די הענט אין די ארבל און פאָרט ווייַטער. דאָס האָט ער אין שלאָף דערשמעקט רעב זעלמעלעס רייעך, האגאם קיינער פון שטאָט האָט זיך אף דעם זיכער ניט פארטראכט; קיינעם פאלט גאָר ניט איין, אז די זעלמעניאנער האָבן א באזונדער רייעך.

פאראן נאָך אן אייגנטימלעכקייט אין דער מישפּאָכע, וואָס איז כאראקטעריסטיש דערהויפּט פאר די מענער:

א רעב זעלמעלע האָט ליב גלאט אזוי זיך אָפּזיפצן, אָפּכאַפּן דעם אָטעם, דערביַי לאָזט ער ארויס צווישן די ליפּן אזא מין פּריילעכן, צארטן הירזשע, וואָס מ'קען עס אונטערהערן בלויז בא א שטאל, ווו פערד שטייען און קייַען האָבער.

דאָס אלץ באווייַזט, אז רעב זעלמעלע האָט געשטאמט ערגעץ פון א יישעוו.

פון דעם זעט מען אויך, אז א רעבזעלמעלע איז גרייַלעך איינפאך, ווי א שטיק ברויט. ס'זייַנען ניטאָ קיין אקאָרעס אין דער מישפּאָכע, ניטאָ קיין געפאלענע פאר דער צייַט, אויסער די מומע העסיע.

טאָמער א פליך—איז עס ניט קיין שפּראָך פון רעב זעלמעלעס שטאם, מעג אפילע טראָגן פון אים מיט היי, ווי פון א סענעזענץ.

*

בייס ס'האָבן זיך אָנהויבן ווייַזן די שפּראָצונגען פון בערטן דאָר, האָט רעב זעלבעלע געגומען קלייַבן זיך אין וועג אריַין ער האָט אָנגעשריבן אף א טאָוול פון א סייפער זייַן צוואָע, ארומגעדרייט זיך אביסל צייַט גלאט אזוי, און איז נאָכדעם טאקע געשטאָרבן.

דאָס איז געווען אן איינפאכער מענטש. די צוואָע האָט ער פארשריבן אף יידיש, מיט די געהעריקע העברעיִשע ווערטלעך, און אזוי ווי דער סייפער וואלגערט זיך איצטער ארום, לוינט דאָ, עפשער, פארשרייַבן די צוואָע לעזיקאָרן:

מאָנטיק, פארשע בעשאלאך, שנאס... (פארמעקט).

איך רעכן אליין פאר מייַן לעבן אייַנצוטיילן פאר מייַנע קינדער ווי זאָל זייַן אכער מייע שאָנע שעלי. רעכן איך אזוי זאָל זייַן: מייַנע קינדער בלייַבן ווינען בעכאָצער שעלי. די שטיקל קארקע, וואָס איך האָב, זאָל מען פארקויפן, נעמען פאר איר ערעך ארבע מייעס רוק, און די שטאָט אין בעסמעדרעש זאָל מען אויך פארקויפן, נעמען פאר איר ערעך מייע וועכאמישים רוק, און ס'געפינט זיך בא מיר אויך, אונטער דעם זעקסטן ציגל אין אויוון, רעכמס, אויך ערעך עלעף רוק. זאָל מען אזוי אייַנטיילן: ליבני איטשי—מייע וועכאמישים רוק, וואָרעם ער, מייַן זון איטשע, האָט שוין גענומען מייעווייכאמישים רוק אן אדלעכעשבן אף דער יערושע פאר מייַן לעבן נאָך, און ליבני זישע—שטיי מייעס רוק, און ליבני יודע אויך שטיי מייעס רוק, ליבני פאָליע אויך שטיי

מייעס רוק און לעביטי כײַע־מאשע—מייע רוק, לעביטי מאטלע אויך מייע רוק, און לעביטי ראשע אויך מייע רוק, און לעהורוויץ זאָל מען אָפּגעבן מייע וועכאמישים וועעסרים, וועלכע איך האָב דאָ בא אים גענומען צו געבן ליבני איטשע אן אדלעכעשבן אף דער יערושע פאר מײַן לעבן נאָך, דארף מען אים אָפּגעבן. און כאמישע וועעסרים רוק זאָל מען געבן אף אוילעמעס, און די איבעריקע פאר מיר אף הויצאָעס צו פירן אף דער אייביקער וועלט. און די הויז־זאכן געהערן לעיִשטי סאָרע־באשע. לעאכער מייע שאָנע פון מײַן אישטי זאָלן זיך די טעכטער אלע דרײַ צעטיילן, נאָר צוויי קישנס צו געבן פאר איטשעס בסולע כײַקע. און אזוי אלעס זאָלן זיך צעטיילן די טעכטער, נאָר מײַנע מאלבושים זאָלן געהערן צו די זין. דעם שמויסענעם פוטער זאָל נעמען ווער נויטיק איז, אָדער אלפּי גוירל וועמען ס'וועט פאלן, נאָר ניט צוקריגן זיך, אלץ זאָל זײַן מיטן שיינעם אויפן, און ווי איך אליין האָב אײַנגעטיילט, ניט פרעמדע זאָלן טיילן. און זאָל אלעמען וויל באקומען, געניסן אין נאכעס. דאָס ווינטש איך מיטן גאנצן הארצן. נאָר אכער מייע שאָנע שעלי זאָלן זיי אָן מיר ניט פארגעסן, כאָטיא היטן קאדעש זאָגן, ווי מעגלעך איז.

פון מיר—זאלמען־עליע בערעב לייב כוואָסט.

*

די באָבע באשע האָט אף היפּשע יאָר איבערגעלעבט דעם זיידן, און מ'קען זאָגן, אז זי לעבט נאָך ביז הײַנט צו טאָג. עמעס, ניט זי זעט ווי געהעריק, און ניט זי הערט ווי געהעריק, און ניט זי גייט ווי געהעריק, אָבער אבי זי לעבט. זי איז געוואָרן ענלעך מער צו אן אלטער הון, ווי צו א מענטשן, און זי ווייס אפילע ניט, אז ס'איז דערווײַל בא אונדז עפּעס אנדערש געוואָרן די וועלט.

די באָבע באשע האָט צו טאָן נאָר מיט זיך, און אויב זי טראכט, זײַנען עס, מיסטאָמע, גאָר מעשונעדיקע טראכטעניש, געמאכט פון א גאנץ אנדער מאטעריע, איידער די געוויינטלעכע געדאנקען.

ס'טרעפט אמאָל פארנאכט, זי דרייט זיך ארום אין דער טונקלעניש, און מיטאמאָל טוט זי א זאָג צו א רויטן שניפּטל אין שטוב:

— מאָטעלע, נאכסאָל גייסטו ניט דאוונען?

דער שווארצער מאָטעלע, וואָס ס'שמעקט שוין פון אים פּאוואָלינ־
קעס מיט היי, גייט צו, פּארקאשערט די פּאטשיילקע פון דער באָבעס
אויער און שרייַט אריַין:

— באָבע, איך בין א פּיאָנער!

טוט זי א שאָקל מיטן קאָפּ:

— יע, יע, ער'ט שוין געדאוונט. ווו'סטע געדאוונט?

אזוי וועט זי שוין אוועקגיין פון דער וועלט מיט א רוּיקן פארצייַ־
טיקן געמיט. דער הויף שטייט פעסט דאָרטן, ווו רעב זעלמעלע האָט
אים אוועקגעשטעלט, און וואָס א יאָר, זעט זי, קומען צו היפּשע עטלעכע
שווארצע שוויַיגערלעך — רעבזעלמעלעך.

זומער, בייס די באָבע באשע גייט שוין ארויס אין הויף, זיצט זי
אפן שוועל און קוועלט אָן, וויַיל זי זעט, ווי פון יעדער טיר שיטן זיך
און שיטן זיך די רעבזעלמעלעך, ווי שווארצער מאָן.

ס'לייַכט די גרויסע זון אפן נייַעם זעלמעניאנישן ווידערוווקס.

אָט אזא איז די באָבע.

*

דער צווייטער דאָר זעלמעניאנער האָט זיך פארצוויַיגט אין דריַי
מעכטיקע שטראָמען און עטלעכע בייַטייַכלעך. די גרונטזייַלן פון דער
מישפּאָכע זייַנען געווען פון אלע מאָל און געבליבן ביז איצט: פעטער
איטשע, פעטער זישע, און פעטער יודע.

דער פעטער פאָליע גייט באזונדער. דער פעטער פאָליע גייט מיט
אן אייגענעם, אָפּגעשיידטן, האָרעפּאשנעם וועג אין לעבן. דער זעלמע־
ניאנישער הויף גייט אים ניט אָן, וויַיל ער האלט, אז קליינערהייט האָט
מען אים דאָ באליידיקט. ער איז אן אכלער, האָט באזונדערס ליב קאר־
טאָפל־טייגעכצן, און וואָס פאר א געדאנקען ער שאפט, ווייס מען ניט,
מאכמעס ער זאָגט זיי ניט ארויס.

דאָס איבעריקע אין דער מישפּאָכע איז שוין דרויב, ווו דער שוי־
רעש זעט זיך שווער ארויס, האגאם זיי זייַנען אויך געפורעמט לויט
רעב זעלמעלעס האשגאָכע און טראָגן זיך ארום איבער דער וועלט מיט
זייַן רייעך.

א באזונדער אָרט פארנעמט אין דער מישפּאָכע דער פעטער זישע,
וואָס ווערט אין הויף פארעכנט פאר א יאכסן. ער איז א דיקלעכער־

זייגערמאכער מיט א פירקאנטיקן שטערן, מיט א פירקאנטיקער באָרד, א כאָלוש, אָדער ער מאכט זיך עפשער פאר א כאָלוש.

אמאָליקע יאָרן פלעגט מען א פאפיר ברענגען איבערלייענען צו אים. דער פעטער זישע פלעגט ארויסנעמען די שפאקטיוו פון אויג, בעטן זיצן און איבערלייענען געדולדיק וואָרט בא וואָרט. אויב אָבער דער פעטער זישע האָט אויך ניט געקענט איבערליייענען, האָט ער גע־האט די מיַילע, וואָס ער פלעגט שוין זאָגן אזוי פון אויסנווייניק, וואָס אין פאפיר שטייט געשריבן.

ער האָט געהאט א שיינע האוואָנע.

די הויפט מיַילע פון זיַין לייענען איז אָבער באשטאנען אין דעם, וואָס גליַיך אף אן אָרט פלעגט ער געבן אן אייצע מיקויעך דער „ספראווע".

מען זאָגט, אז אין אים איז געלעגן באהאלטן א גרויסער קויעך.

צוויי טעכטער האָט אים זיַין וויַיב, די מומע גיטע, געבראכט אף דער וועלט מיט אסאך מער שוועריקיַיטן, ווי ס׳פאסט פאר זעלמעניא־נער. איינע איז טאַנקע דעם פעטער זישעס—א ריינע זעלמעניאנערן, די צווייטע האָט שוין אין זיך אביסל זיסע מאָרעשכוירע, וואָס די מומע גיטע, זאָל דאָס איר צו קיין גנאַי ניט זיַין, האָט אריַינגעשמוגלט אין דער מישפאָכע. מען דארף עס אָבער דער מומע גיטען מויכל זיַין, וויַיל אלע האלטן, אז זי איז ניט שולדיק,—זי שטאמט פון ראבאָנים.

דער פעטער איטשע איז א מעלעכעוועַן. דאָס האָט ער, דער פעטער איטשע, ניט געקענט דערווארטן זיך און גענומען שוין פאר רעב זעלמעלעס לעבן אן אדלעכעשבן אף דער יערושע. ער איז א שניַידער, א לאטוטניק. זיַין הויכע מאשין, א דארע און א לעפעשעוואטע, טראסקעט בא אים טאָג ווי נאכט.

די מאשין פארטויבט דעם הויף.

דער פעטער איטשע פראָדוצירט די עמעסע זעלמעניאנער פון דער ריינסטער פראָבע. מ׳האלט, אז ער האָט אין דעם פראט אפילע איבער־געשטיגן רעב זעלמעלען אליין.

אויסער אלע רעגילעסן, וואָס זיַינען אייגנטימלעך פאר דער גאנצער פאמיליע, האָט דער פעטער איטשע אויסגעארבעט בלויז פאר זיך אליין אן אייגענע רעגילעס: ער ניסט מיט א געשריי.

פון זיַינעם א נאָס איז אמאָל א שכיינע געפאלן אין כאלאָשעס.

אין דער הייסער צײַט פון בירגער־קריג האָט מען זיך טאקע אין הויף שטארק באומרויִקט וועגן זײַן ניסן. דער פעטער זישע האָט שוין אפילע געפונען פאר נויטיק ארײַנגיין צו אים און דורכריידן זיך וועגן דעמדאָזיקן איניען.

— איטשע,—האָט ער געזאָגט,—צי ווייסטו, אז צוליב דײַן ניסן זײַנען מיר ניט זיכער מיטן לעבן?

יאָ, וואָס האָט איר דעם פעטער איטשע געקענט ענטפערן? ס'האָט דאָך פון אים געגאָסן און געשריִען ביגוואלד.

מען האָט קעסיידער צונעטראכט פּלענער, נאָר, אז ס'איז געקומען דערצו, האָט זיך די מומע מאלקעלע אליין אן אייצע געגעבן:

דער פעטער איטשע פלעגט בייס־מײַסע זיך אָנכאפּן באם נאָז און ארײַנפאלן אין בעט ארײַן, די מומע מאלקעלע פלעגט אפגיך ארופּ־ווארפן אף אים א קישן און אליין ארופלייגן זיך, אָדער, אויב זי האָט קײַן צײַט ניט געהאט—אוועקזעצן א קינד אף אים. דאָרטן, אונטער דעם בעטגעוואנט, פלעגט ער זיך גאנץ גוט אויסניסן, אָפּטרייסלען די פעדערן, און זעצן זיך נאָכדעם צוריק צו דער ארבעט.

אין שאָלעם־צײַטן איז עס אָבער ניט געווען געפערלעך.

אדעראבעו!

זומער באגינען, א האלבער הויף ליגט נאָך אין שאָטן, און דער ארומגעצוואָגענער פעטער איטשע זיצט שוין באם אָפענעם פענצטער, שיסט פון זײַן ניי־מאשין. פלוצלונג טוט ער א נאָס. ס'רײַסט זיך ארויס א פינצטערער, יאָמערלעכער געשריי פון א נויטע־לאָמוס. דער הויף הויבט זיך אָן טשוכען, מ'רײַבט די אויגן, מאנכע שפּרינגען פון די בעטן:

— וואָס איז?

— גאָרנישט,—זאָגט מען,—דער פעטער איטשע ניסט.

— גאָרנישט, גאָרנישט!

דערווײַל עפענען זיך אומעטום פענצטער און פענצטערלעך, ס'רוקן זיך ארויס באגינענדיקע קאָלערליי מינים שווארצע, צעקודלטע, זעלמע־ביאנישע קעפּלעך און מ'שרײַט ארויס פון אלע זײַטן:

— צו געזונט, פעטער!

— צום לעבן, פעטער!

— צו געזונט, צום לעבן, צו לאנגע יאָר, פעטער!

שוין גאָר אַן אַנדער מענטש איז געווען דער פּעטער יודע, אַן אַנ־דער מענטש און אַ מאָדנער מענטש. ער איז געווען אַ סטאָליער, אַ מאָגערער ייִד מיט אַ גלאַנציק בערדל און מיט שפּאַקולן אויפֿן ברעג נאָז, קוקן פֿלעגט ער סײַ־ווי־סײַ איבער די שפּאַקולן — דערי־בער האָט ער טאָמיד אויסגעזען רוגזעדיק — נאָר די שפּאַקולן פֿלעגט ער, מיסטאָמע, טראָגן פֿון שיינקייט און בעקאָוועדיקייט וועגן. ער פֿלעגט הובלען אין די שפּאַקולן, עסן אין די שפּאַקולן, נאָר שלאָפֿן אין זיי, דאַכט זיך, ניט.

פּעטער יודע איז געווען אַ פֿילאָסאָף און אַן אַלמען.

זײַן ווײַב, די מומע העסיע, איז נאָך געשטאָרבן פֿאַר די דײַטשן, צוזאַמען מיט אַ שוּכעט און גאָרניט מיט קיין שיינעם טויט.

דעמאָלט איז פּעטער יודע אַוועק זיצן שיווע אין בעסמעדרעש, האָט זיך אַוועקגעזעצט הינטערן אויוון און שוין מער ניט געוואָלט אויפֿשטיין בכלל. ער האָט באַשלאָסן אויפֿגעבן אַלע וועלטלעכע איניאָנים און פֿאַר־נעמען זיך בלויז מיט טראַכטן מאַכשאָוועס; אַן אַרבעט, מוז מען מודה זײַן, אַ גאַנץ בעקאָוועדיקע. די שטאָט האָט זיך אָבער אָנגעזעצט און ער איז דאָך אַוועק צום וואַרשטאַט.

וואָס האָט פּאַסירט מיט דער מומע העסיען?

אונדזער שטאָט איז דעמאָלט געלעגן אין האַרמאַטן־פֿײַער. באַלע־באָסטעס פֿון דער גאַנצער גאַס האָבן פֿאַרשלאָסן די שטיבער און אַראָפּ אַלע צו רעב זעלמעלען אין קעלער. פּלוצלונג האָט זיך דער מומע הע־סיען פֿאַרגלוסט אַ הינערשע זופּ. פֿאַרוואָס? אין דער שטיקעניש האָט זי אַזוי לאַנג געקוקט אויף רעב יעכעזקל דעם שוּכעט, ביז ס׳האָט זיך איר פֿאַרוואָלט אָף. כאַפּט זי אַ הון, דער שוכעט ציט אַרויס דעם כאַלעף, און מ׳גייט אַרויס אין הויף שעכטן.

ס׳האָט דעמאָלט אַ זעץ געטאָן אין הויף אַ ווילדער פֿײַער און אַרויס־געשלאָגן, ווי נאָר אַ שויב.

דערנאָך האָט אַ שאָכן אָנגעקלאַפּט אין קעלער, מ׳זאָל אַרויסגיין. די מומע העסיע איז געלעגן רויִק און בלאַס, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען, נעבן איר איז געלעגן מיט דער באָרד אַרויף דעם שוּכעטס קאָפּ, און ער, דער שוכעט גופֿע, איז געלעגן אויף דעם אײַנגעפֿאַלענעם פּאַרקן מיטן כאַלעף אין האַנט.

דערבײַ איז געשטאַנען די הון און געפֿילאָזאָפֿירט.

פעטער יודע איז געווען א כמורנער שווייַגער, האגאם די זעלמע־ניאנער שווייַגן פריילעך. אויסער דעמדאָזיקן קליינעם אָפּנויג, איז ער אין די איבעריקע געגג געבליבן טרײַ די טראדיציעס פון רעב זעלמעלען.

דורך אים איז, אגעוו, געקומען צום אויסדרוק די ליבע צו נאטור, וואָס איז געווען שטארק טעטיק אין דער מישפּאָכע. דער פּעטער יודע פלעגט פארזעצן געגנדז בא זיך אין פירעס—וועגן זײַנער א הון איז שוין געקומען צו רייד.—ער פלעגט אין א רעגן ארויסשטעלן א צובער אף רעגן־וואסער, און ווען־ס־צײַט האָט ער זיך געמוזט פארטאָג ארויסכאפּן אָנקלײַבן שטשאוויע. זײַן ליבע צו קלעצער און ברעטער שטאמט אויך, מיסטאָמע, פון דעם אייגענעם דראנג צו נאטור. דער פעטער יודע פלעגט אָפּהובלען א ברעט מיט ליבשאפט און מיט ברען, מיט איין וואָרט—ער האָט ליב געהאט סטאָלערײַ. דערצו האָט ער נאָך געהאט א מוירעדיקע בענקשאפט צו פידל, צו געזאנג, און ביכלאל צו מוזיק־זאכן.

דער פעטער יודע האָט זיך געלאָזט האָבן קינדער פון פארשיידענעם ווערט. פאר אונדזער געברויך זײַנען אָבער פּאסיק בלויז צוויי—כײַעלע דעם פעטער יודעס און צאלקע דעם פעטער יודעס.

*

דאָ לוינט נאָך צום סאָף אָפּשטעלן זיך געגויער אף איינעם פון די ייִנגערע זעלמעניאנער, אף דעם פעטער איטשעס עלטערן זון—בערע כוואָסט.

אָט איז א יונג—א גוואר, א שווייגנדיקער גארבער. בייס דעם ביר־גער־קריג האָט ער אין די שלאכטן ארום קאזאן באקומען אן אָרדען פון דער „רויטער פאָן", פאר זײַן קאלטער זעלמעניאנישער גווורע.

ער איז געגאנגען מיט גײַען אף ווארשע.

דאָרט איז ער שיר ניט אומגעקומען, ארײַנגעפאלן צו די פּאָליאקן, מיט ניסים האָט ער זיך אָבער באוויזן איבערצוטאָן און געקומען אהיים צופוס.

בייס בערע איז ארײַן אין שטוב, איז געוואָרן די גרויסע יעלאָלע, דער גאנצער הויף איז זיך צונויפגעלאָפן, אפילע דער פעטער זישע איז אויך ארײַן. בערע האָט זיך דעמלט אוועקגעזעצט, גענומען פאמע־לעך אראָפּציִען די שטיוול און א זאָג געטאָן צו דער מומע מאלקעלען:

— מאמע, גיב מיר עסן!

ער האָט זיך געזעצט מיִט א ביטערן אימפּעט רײַבן די סודע און קוקן אפן באלקן. דער פּעטער יודע האָט אויסגעשפּיגן און איז אוועקגעגאנגען. ביסלעכווײַז האָבן זיך אלע ארויסגערוקט. בערע האָט אָפּגעגעסן, אָנגעטאָן די שטיוול און איז ווידער אוועק מילכאָמע האלטן.

---

## 2

# א וועלט, הא?

אין הויף איז שטיל.

די מילכאָמע און די רעוואָליוציעס זײַנען סאָפּקאָלסאָף אדורכגעגאנגען בעשאָלעם, בלויז מיט דער מומען העסיען האָט געטראָפן דער אומגליק אומזיסט־אומנישט, צוליב א נארישער ביסל זופּ.

די זעלמעניאנער האָבן זיך אומגעקערט פון די פּראָנטן אין הארטע שינעלן, אופגעטרענטע ווינטערדיקע היטלען. די ערשטע צײַט איז מען ארומגעגאנגען איבערן הויף, ווי די וועלף, געשלונגען אלץ, וואָס האָט זיך געמאכט אונטערן האנט, נאָר ביסלעכווײַז האָט מען זיי אריינגענארט אין די שטיבער, גערעדט צו זיי ווייך און ארויסבאקומען ווי ס'איז צוריק די אלטע מארע. ווינטער האָט מען מיט די שינעלן באשלאָגן די קאלטע טירן, און די אופגעטרענטע היטלען וואלגערן זיך נאָך אדייַעם הינטערן אויוון. ס'טרעפט, אין די גרויסע פרעסט, קריגט ארויס פעטער איטשע פון הינטעראויוונדיקן זאמד אזא היטל, ציט זי אראָפּ ביז איבערן באָרד און גייט ארײַנטראָגן א ברעמניע האָלץ פאר דער מומע מאלקעלען.

אָט דאָס איז איבערגעבליבן פון דער מילכאָמע.

*

דער טריוואלנסטער פון אלע זעלמעניאנער איז פעטער פאָליע, רעדט ער ניט ארויס קיין וואָרט, ווײַל קליינערהייט האָט מען אים דאָ באלייריקט. מיילע, דאכט זיך, אז מ'קלײַבט זיך אים ניט שלעפּן פארן צונג!

נאָך אים גייט בערע דעם פעטער איטשעס, אויך א היפשער טאנעבארע, איצטער א מיליציאָנער פון צווייטן צירקל, נאָר אזוי ווי מען זעט אים אין די אויגן גיט אָן, ער קומט אהיים בלויז איבערשלאָפן אף דעם טאטנס הארטן טאפטשאן, איז מיט אים אויך ניט געפערלעך.

טאָמער טרעפט, אז עמיצער פון די יונגע הויבט אמאָל אָן באַלבען פון די הײַנטיקע נארישקײַטן, גיט מען זיך מיט אים אן אײַצע אפן היימישן אויפן; פאר זיי, פאר די יונגע שיליועס, גילט נאָך א העכערער וואָרט, און אויב שוין גאָר שלעכט, העלפט נאָך א פאטש אויכעט.

— שוין העכסטע צײַט ארויסשלאָגן דעם דול פון קאָפּ,—זאָגט פעטער זישע.

— און מ'מעג שוין ווערן שטיקלעך מענטשן אויך,—זאָגט פעטער איטשע.

— און דעריקער, וויפל איז דער שיר צו בעלדעווען?—זאָגט פעטער יודע.

*

פעטער יודע האָט עס מיטסאָמע אין זינען זײַן כײַעלען. מ'ווייס, אז פעטער יודע קלײַבט זיך כאסענע מאכן כײַעלען פאר א יידישן מענטשן. די לעצטע צײַט האָט ער פארוואָרפן דעם הובל, דרייט זיך ארום גאנצע טעג איבער די באַטעמעדראָשים און זוכט עפּעס א לײַט. ער וויל א שויכעט.

מ'דערציילט, לעמאָשל, פון אזא פאל:

אנומלטן האָט ער אָפּגערעדט טרעפן זיך מיט אזא סאָרט כאָסן ער־געץ אף אן אָפּגעלעגענער גאס. באנאכט דארף זיך דעמלט גראד מאכן א זאווערוכע. פונדעסטוועגן איז זײַן כײַעלע אוועק, אָפּגעשטעלט זיך באם ראָג, ווו דער טאטע האָט פארזאָגט, און גענומען ווארטן. אין דער זאווייע האָט מען ניט ארויסגעזען קיין שום לעבעדיקע באשעפעניש און דעם כאָסן אויך ניט. כײַעלע האָט אָבער, קענטיק, אף אזוי פיל געוואָלט כאסענע האָבן, אז זי האָט זיך צוגעטוליעט צו א וואנט און באשלאָסן ווארטן אף איר באשערטן ביזן סאָף. וואָס זי האָט זיך דאן געטראכט— איז פּאָשעט שווער צו זאָגן.

שפעט אינדערנאכט האָט זיך פעטער יודע אפן געלעגער דערמאָנט אָן איר, איז ער ארויסגעלאָפן און געבראכט זי קוים א לעבעדיקע אהיים.

און וועגן כאָסן זאָגט מען אין הויף:

— ווער פארשטייט עס ניט, אז ער האָט ניט געוואָלט כאסענע האָבן אין א פראָסט?

*

ס'איז פאראן א זעלמעניאנער אין הויף, וואָס וואָלט כאסענע געהאט מיט כיַיעלען אין א פראָסט אויך. דאָס איז אן עלטערער באָכער פון א יאָר אכט און דריַיסיק, אויב ניט מער, און אַיַזערנער שוויַיגער. ער קומט אלע נאכט צום טאטן אין שטוב איבערשלאָפן אף דעם הארטן טאפטשאן. מ'האלט, אז ס'איז דאפקע א גליַיכע זאך, נאָר די קאלטע ליבע צווישן כיַיעלען און דעמדאָזיקן מענטשן דארף זיך נאָך אויסשטא־לירן. זי דארף זיך נאָך אויסשטאלירן, וואָרעם כיַיעלע לויפט נאָך פאָרט ארויס פון צייַט צו צייַט אף א זעונג.

פעטער יודע וועט אָבער זיכער זיַין קעגן שידעך צוליב פאָלגנדיקע טייַמים:

1. א זעלמעניאנער האָט פייַנט א זעלמעניאנער.
2. דער כאָסן איז ניט קיין ייִדישלעכער מענטש.
3. דער כאָסן איזדיעקעוועט זיך איבערן הויף.

דאָס איז ריכטיק. פונקט איצטער אפצולאָכעס דער וועלט האָט ער, דער כאָסן, אָפגעטאָן עפּעס א נייַעם שפיצל מיט דער מאמען זיַינער, מיט דער מומען מאלקעלע, וואָס האָט אופגערודערט די אלטע זעלמענ־יאנער ביזן ביין.

וואָס האָט אזוינס פאסירט?

די מומע מאלקעלע איז זיך אנוסטן מעיאשעוו און גייט אוועק צו בערען אין דער מיליציע ארייַן:

— בערע, אלעמייַ טוסטו ניט אמאָל א שמייכל,— אזוי האָט זי גע־פרעגט,— מען קען דאָך מיינען ווער ווייסט וואָס?

ווי זי דערציילט, האָט ער דעמלט יאָ א שמייכל געטאָן. עפשער יע און עפשער ניט, נאָר ער איז געזעסן לאנג, געקוקט פונונטן ארויף אף דער פארוויקלטער מאמען און געפּאָרשקעט מיט דער נאָז.

דערנאָך האָט ער געפרעגט:

— צי האָט איר פונגזאנען צו לעבן, מאמע?

דער פעטער איטשע איז א פריילעכער ייִד און ער דארף, אלזאָ, ניט האָבן פונוואנען צו לעבן.

בערע האָט אָפגעזיפצט, ארויסגעלאָזן צווישן די ליפּן דעם איידעלן הירזשע (זע קאפּיטל 1) און א זאָג געטאָן:

— צי ווייסטו, מאמע, אז דו ביסט ניט קיין איווערדיקע?

זי האָט, דעם עמעס זאָגנדיק, ניט געוווּסט. בערע האָט איר אופגעקלערט, געגעבן קלאָר צו פארשטיין, און געאייצעט, אז זי זאָל שוין בעסער אונטערנעמען א קורס אף ליקווידירן די אמראצעס.

דערנאָך האָט ער זיך אופגעהויבן און אָנגעקלונגען אין פעדטעכניקום.

*

ס'איז געווען שוואַט. פרעסט. די מומע מאלקעלע איז געגאנגען אהיים א פארפראָרענע און געטראכט:

— מיט דעמדאָזיקן בערען איז שוין גלייכער, אז מען טרעפט זיך זעלטענער.

און אין הויף האָט זיך געקערט כווישעך.

*

אפמאָרגן האָט זיך טאקע באוויזן א לערער אין הויף, א באָכער מיט א טשופרינע פון אונטערן דאשעק.

דער מומע מאלקעלען האָט דעמלט גענומען שלאָגן אין הארצן. זי האָט זיך באלד ארומגעוואשן, אויסגעטאָן דעם פארטעך, און גרייַלעך פארשעמט צוגעזעצט צו א בוריג טיש. די מומע מאלקעלע איז געווען איבערגעשראָקן, ניט געוווּסט, וואָס סע וועט דאָ אייגנטלעך פאָרקומען, און מיט פארצווייפלונג האָט זי געקוקט דעם לערער אין די אויגן אריַין. דער לערער האָט נאָך אויך ניט געוווּסט גענוי וואָס מ'דארף טאָן, האָט ער זיך אויך געריויסלט אונטערן דאשעק.

כעוורע קאָמיוג (די שיליועס) האלט די שרייַבגעצייַג פארשלאָסן, און ס'האָט זיך אויסגעלאָזן, אז אין דער מומעס טינטער זייַנען געווען פליגן אָנשטאָט טינט. די מומע האָט געבלאָזן אין טינטער און געבלאָזן, אָבער ווי דער לערער האָט פארזיכערט, וועט עס שוין ניט העלפן. די פען האָט מען ארויסגעצויגן פון היַנטערן שפיגל, די שפינוועבס אָפגעווישט. דער לערער האָט זי א דריק געטאָן אפן נאָגל, און ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס איז שוין גאָר א פארצייַטיקע פען, נאָך פון פאר דער רעוואָליוציע.

פון דעמלט אָן איז שוין בא דער מומע מאלקעלען פארבליבן די געוווינטשאפט, ווו נאָר א פען, דארף מען זי א פרווו טאָן אפן נאָגל, צי

ס'שרייבט, און געהאלטן האָט זי, אַז דאָס איז שוין אויך אַ שטיקל סימען פון אַ געלערנטן מענטשן.

דער פעטער איטשע איז אויך געווען שטאַרק צעטראָגן, פונדעסט־וועגן האָט ער זיי פאַרגעלייגט זײַן העפט צום שרײַבן. דער פעטער איטשע האָט אַרויסגענומען פון קעסטל אין דער ניי־מאַשין אַ צונויפגע־דרייטע העפט, צו וועלכער ס'איז געווען צוגעבונדן אַ בלײַפעדער אויף אַ שטריקעלע, אויסגעגלײַכט די העפט אויף דער קני, און איבערגעגעבן דעם לערער מיט אַ ציטער אין די עלנבויגנס.

דער הויף האָט זיך צונויפגעקליבן, ס'איז געוואָרן אַ שטיקעניש, מ'האָט געשטויסן און געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— אַ וועלט, האַ?—האָט פעטער איטשע סאָפּקאָלסאָף ניט אויסגע־האַלטן.

פעטער יודע האָט אויף אים רוגזעדיק אַ קוק געטאָן פון אונטער די שפּאַקולן און געענטפערט:

— איז שוין ניט גלײַכער, אַז מען ליגט אין דרערד?

דאָס האָט ער געמיינט די מומע העסיען, וואָס איז שוין באַפרײַט געוואָרן פון שול־צוואַנג.

בלויז פעטער זישע איז געשטאַנען רויק, אָן אַ זײַט, געצויגן אַ האָר פון באָרד און געשמייכלט:

— לײַטישע קינדער!

*

דערנאָך האָט מען זיך אָבער צוגעוווינט. דער לערער פלעגט קומען יעדן אַפּדערנאַכט, מ'האָט שוין געוווּסט, און די מומע מאַלקעלע, מוז מען מודיע זײַן, האָט בא אים אַסאַך אויפגעטאָן, מאַכמעס די פּעיִקײַטן זײַנען געווען גוט, כאָטש מען דאַרף אויך צוגעבן, אַז זי האָט זיך אַביסל אונטערגעפּוילט לערנען.

— דער קאָפּ איז ניט דערבײַ—אַזוי פלעגט זי טײַנען.

ביכלאַל האָט זיך די מומע מאַלקעלע אויפגעפירט, ווי אַ קליין מיידל פון קלאַס, וואָס איז געווען אַביסל אומפאַרשטענדלעך פאַר אַזאַ באַר־דאַעס, ווי זי.

אַמאָל האָט דער לערער, ניט טרעפנדיק זי אין שטוב, געפונען אַפילע פאַר נויטיק באַקלאָגן זיך פאַרן פעטער איטשע:

— אײַער פרוי, — האָט ער געזאָגט, — װײַזט אַרױס בענוג פעיִקײַטן, נאָר זי באַציט זיך ניט מיט דעם געהעריקן אינטערעס צו דער ארבעט.

— אַזױ גאָר?! — האָט זיך פעטער איטשע שטאַרק פאַרכידעשט.

שפּעטער האָט ער טאַקע אױסגערעדט דער מומע מאַלקעלען:

— סטײַטש, — האָט ער זיך געבײזערט, — ס'קאָסט דאָך מיסטאָמע געלט!

די מומע מאַלקעלע האָט זיך טכילעס פאַרלאָרן, אַפילע רױט גע־װאָרן, נאָר זי איז באַלד געפּאַלן אױפן טערעץ:

— אַז כ'האָב קײן ביכל ניט...

אָט דאָס האָט שױן דער פעטער בעשומױפן ניט געקאָנט באַנעמען:

— װאָס הײסט, װײניק ביכלעך זײַנען פאַראַן אין שטוב? האָסטו שױן אַלע ביכלעך אױסגעלערנט?

די מומע מאַלקעלע האָט אַלײן דערזען, אַז איר ענטפער קען דאָ ניט גילטן, און זי האָט צוגעטראַכט אַן אַנדער אױסװעג:

— אַז איך זע ניט... אַרױסגעפאַלן אַ גלעזל פון די שפּאַקולן...

מען דאַרף אָבער ניט מײנען, אַז דער פעטער איז געװען טאָמיד אַזױ שטרענג צו דער מומען מאַלקעלע. עס שאַדט ניט צו פאַרגעדענ־קען, אַז דאָ האָט מען צו טאָן מיט פּאַרצײַטיקער ליבע, אַלט צװײ און פערציק יאָר. פעטער איטשע האָט, נעבעך, אױך מיטגעפילט דער מומען.

און עס האָט אַפילע אַמאָל פּאַסירט אַזאַ פאַל:

דער לערער דאַרף באַלד אָנקומען, די מומע מאַלקעלע קלײַבט זיך װאָס גיכער אין שטאָט אַרײַן, פּלוצלונג לױפט אַרײַן דער שװאַרצער מאָטעלע מיט אַ געשרײ:

— מומע, דער לערער גײט!

מע דערצײלט, אַז די מומע מאַלקעלע האָט זיך דעמלט אַזױ פאַר־לאָרן, אַז זי איז אַרײַנגעקראָכן מיטן מאַנטל און מיט די װאָליקעס און מיטן קאָשיק אין בעט אַרײַן. פעטער איטשע האָט זי אײַנגעדעקט, נאָכדעם האָט ער צונױפגעלײגט די הענט, אױסגעבױגן אַביסל דעם קאָפּ אָן אַ זײַט (אָ, אַ זעלמעניאַנער!) און געזאָגט גרײַלעך אומעטיק צום לערער:

— מײַן אַלטע פילט זיך עפּעס הײנט ניט אײנגאַנצן... זעט פאַר־שרײַבט, כאװער לערער, און איר װעט שױן אונדז אָפּגעבן די שאָ אַן אַנדערש מאָל.

פונדעסטװעגן האָט די מומע מאַלקעלע אַסאַך אױפגעטאָן.

*

טיפער ווינטער. די פענצטער—פארוואקסן מיט שניי. כעוורע קאָמיוג איז אין די קלובן, און די מומע זיצט גאנצע נעכט, א פארפלעקטע אין טינט, זיצט און ארבעט מיט דער פען. אפן טיש שטייט אן אכטער לאָמפּ, ווי בא אלע שניַידער. דער ווינט פּיַיפט אין קוימען. עס זיצט דער פעטער בא איין זיַיט טיש, טרענט און נייט; די מומע מאלקעלע זיצט פון דער צווייטער זיַיט—פארטיפט אין די פּאפּירן. סע סקריפּעט די פען. אָט רוקט זי אים אונטער א צעטעלע און דאָס פּאָנעס שיַינט. פעטער איטשע נעמט דאָס צעטעלע צום לאָמפּ; ער קאָן נאָר לייענען אף א מעהאלעך.

שריַיבט צו אים די מומע מאלקעלע אזוי:

„יִך בין גִזוּנט. דו נעיסט, געי צום אייווג, נעם ארויש דעם הליאָק, וועלב מיר טריןקען טעי. פונ מיר דיַינ האָרגעשעקטי פראַי מאקלע דוואָסט".

פעטער איטשע שמייכלט. ער איז צופרידן. שפּעטער, ווען מען זיצט שוין באם טיי, פארפירט ער מיט איר א באלערנדיקן שמועס; אף קלייניקייַטן שטעלט ער זיך ניט אָפּ, נאָר ער רעדט וועגן טאָך-זאכן.

— ניט אזוי שריַיבט מען,—זאָגט ער,—ריידן מאכט ניט אויס, אָבער שריַיבן מוז מען איידל.

די מומע מאלקעלע ווערט אזש אומרויִק.

— אָט שריַיבסטו,—זאָגט ער,—„איך בין געזונט". דאָס איז שוין ניט איידל אויסגעדריקט די געדאנקען. מע טאָר אזוי ניט שריַיבן.

— הייַנט ווי אזוי?—פרעגט די מומע.

— מע דאַרף שריַיבן,—און פעטער איטשע שליסט צו די אויגן,—מע דארף שריַיבן: איך בעפינדע זיך אין בעסטן פאָלקאָמען געזונט.

די מומע מאלקעלע זעט, אז ער איז גערעכט.

— שריַיב פון א בריוונשטעלער,—זאָגט ער, — מאכמעס די הייַנטיקע מעטאָדעס זיַינען עפּעס גאָר אָן א טאַם. און מע מוז אויך לייענען ביכער! פון ביכער ווערט מען קלוג. געווען אמאָל א שריַיבער שאָמער, האָט מען זיך געקענט בא אים עפּעס לערנען. די הייַנטיקע טויגן ניט, עפּעס אלץ מיט דער זון און מיט דער לעוואָנע.

און אין דרויסן, אינדערפינצטער, איז געלעגן דער ווינטער, ווי א קאלטע זילבערנע שיסל.

*

עס זײַנען געשטאַנען מוירעדיקע פֿרעסט—35 גראַדוסן. די ווײַסע דעכער זײַנען אַראָפּגעקראָכן ביז צו דער ערד; אין די אָוונטן האָט געבלאַנקט דער שניי, און די לופֿט איבערן שניי האָט געברענט, ווי בלאָער בראָנפֿן.

די גאַסן האָבן געפּוסטעוועט, כאָטש ס'איז ערשט צוגעפֿאַלן אָוונט.

און ווער זײַנען עס די צוויי, וואָס האָבן זיך געלאָזן שפּאַצירן אין אַזאַ נאַכט? דאָס האָבן זיך בערע פֿעטער איטשעס און כײַעלע פֿעטער יודעס אַראָפּגעלאָזן פֿון הויפּישן גליטש און אוועקגעדרייט אין גאַס אַרײַן.

העכסטע צײַט, אויב מע וויל עפּעס אויפֿטאָן! בערען נעמט ניט קיין קעלט. כײַעלע האָט זיך אָבער אַרײַנגערוקט אין קאָלנער, געקלאַפּט מיט די הויכע באָטן, ווי זי וואָלט געגאַנגען צו דער טליע.

אין הויף האָט מען געזאָגט:

— וואָס טוט מען צו דערדאָזיקער מיידל, וועלכע פּראָוועט אירע ליבעס נאָר אין זאַווערוכעס און פֿרעסט?

און די שווײַגנדיקע מומע גיטע, וואָס שטאַמט פֿון די ראַבאָנים, האָט עפּעס פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן אין דער וועלט אַרײַן:

— פֿון אָט דעם מיידל וועט מיסטאָמע אַמאָל אַרויסקומען אַ וואַסער־פֿירער!

*

בערע און כײַעלע האָבן געשוויגן. ער איז געלאָפֿן אַביסל פֿאָרויס און געמאַכט האַכאָנעס, אָבער נעבן קאַזאַן איז עס בא אים צוגעגאַנגען היפּש גרינגער.

— כײַעלע, איך געפֿעל דיר עפּעס?

כײַעלע פֿעטער יודעס האָט שוין לאַנג געוואַרט אויף אַזאַ צוגאַנג צו דער זאַך און זי האָט געענטפֿערט מיט אַ שמייכל:

— אַזוי קען מען ניט פֿרעגן...

— פֿאַרוואָס?

ער האָט שוין אויך געשמייכלט. פֿאַר כײַעלע פֿעטער יודעס האָט דעמלט אַ צאַפּל געטאָן דער ווינטער, ווי אַ זילבערנער פֿיש, ווײַל אַ זעלמער־ניאַנערן האָט ליב די נאַטור, און זי האָט שאַלקהאַפֿטיק געפֿרעגט:

— און איך געפֿעל דיר?

בערע האָט געשמייכלט און געשמייכלט און געשמייכלט.

איצט פרעגט זיך, וואָס איז געווען ווייטער?

כּיַיעלע האָט אים פּלוצלונג ארומגעכאַפּט מיט אירע גראָבע, שטענדיק פארפראָרענע הענט פארן קאָפּ און גענומען קושן אין די ליפּן, אין נאָז, אין די הארטע גריבער פון די באקן. אָט דאָס איז געווען ווייטער.

דער איניען איז שוין אזוי ארום קלאָר געוואָרן. עס איז בלויז אויסגעקומען מאָדנע, וואָס מען איז געשטאַנען אין א ווילדן פראָסט און בעקושט זיך אָן אן אופהער און אָן א ברעג. נאָכמער: שפּעטער איז עפּעס אן עלטערער מענטש דורכגעגאנגען צופעליק די גאס, האָט ער דאָ, אף דעם אייגענעם אָרט, אָפּגעפראָרן א פוס.

דערנאָך האָט מען שפּאצירט ווייטער, און עס איז געווען קאַלט. זיי זיינען ארויסגעקומען צו א ראָג, ווו עס האָט געברענט א לאמטערן, און אינעם עלעקטרישן קיילעך ליכט האָבן צוגעפראָרענע פורמאַנעס זיך געוואַרעמט אין די הייסע אָטעמס פון זייערע פערד. שטיל ווי אף א פעלד.

בערע האָט א קוק געטאָן אפן זייגער און צוגערופן א שליטן:

— נאָך דאָ אביסל צייט,—האָט ער געזאָגט,—מירן זיך אריינכאַפּן פארשרייבן.

פאר כּיַיעלע פעטער יודעס איז עס שוין געווען אביסל צופיל. דער אָוונט איז שוין געווען פול. זי האָט זיך נאָך געקליבן גיין אהיים און דאָרטן אינדערשטיל, אפן הייסן געלעגער, ווו ס'האָט שטענדיק געשמעקט מיט דעם טאטנס סטרוזשקעס, איבערטראַכטן אפּסניי די זאך: עס האָט געשלאָגן אין קאָפּ די ליבע. דערווייל האָט עס דאָס שווערע זעלמענ־יאנישע בלוט קוים געקענט פארדייען.

דאָס שליטל איז שוין געשטאַנען נעבן זיי.

בערע האָט אריינגעזעצט די קאַלע, איינגעדעקט זי מיט דער פאר־פראָרענער דעקע. דאָס שליטל האָט זיך א ריס געטאָן און אוועקגע־שווומען איבער דער ברייט פון גאס. כּיַיעלע האָט זיך דעמלט צוגעטוליעט צו בערען מיט א זעלמעניאנישן אימפּעט און דערפילט זיינע קאַלטע ברייטע פלייצעס, וואָס האָבן שטענדיק אָפּגעגעבן מיט א גלייכער רויקייט, ווי דעמב.

*

כּיַיעלע פעטער יודעס איז נאָכדעם געגאנגען אין דער ווינטערדיקער נאכט אהיים. ארום און ארום איז דער פראָסט געווען גרין, ווי א שטיק שליכטע גלאָז. עס האָבן איר געקלונגען אין די אויערן די אייגענע

עלנטע טריט. זי איז דערגאנגען ביז צום רעבזע־הויף, אָפּגעשטעלט זיך באם שטוב און ארײַן ניט צום טאטן, נאָר אוועק שוין אביסל ווײַטער— צו דער מומע מאלקעלע.

פעטער איטשע האָט געשלונגען גרויסע זופּן פון גלאָז און געפירט ווײַטער דעם באלערנדיקן שמועס:

— מע דארף שרײַבן פון אן אפּאָר, מאכמעס אויסיעס האָבן ליב, אז מען צוקט זיי. זייער שיין, זעסטו, לאָזן זיך צוקן א ט און א לאנגער ף. פון א ל קען מען אויך עפּעס מאכן. דערמאָן זיך, מאלקעלע, מײַנע בריוו כאָסנווײַז. האָט מען דיר כאָטש געוויזן מײַן קסאוו? א שאָד,—האָט ער אָפּגעזיפצט,—שוין היפּשע יאָרן, ווי איך האָב ניט געניצט די פּען.

---

3

# דער גרויסער טומל.

אינדערפרי איז געשטאנען דער גרויסער טומל. דער רעבזעהויף האָט אויסגעזען, ווי א מוראשניק. מע איז געלאָפן אין הוילע כאַדאקעס אדורכן פּראָסט פון איין שטוב אין דער אנדערער. עס זײַנען פאָרגעקומען אומעטום שטייענדיקע יִשעווהאדאסן.

— ס׳טײַטש, ס׳איז אָפּגעטאָן געוואָרן א נעוואָלע אין רעב זעלמעלעס הויף!

— אָן כופּע־וועקעדושן!

— ס׳טײַטש, סטײַטש, בא אונדז זאָל עס גאָר טרעפן!

די אלטע זעלמעניאנער זײַנען ארומגעגאנגען מיט ארויסגערוקטע בערד, געקרעכצט און געמאכט מיט די פּלייצעס. די שילועס האָבן ארויסגעקוקט פון אונטער די דאשקעס, געשמעקט די אָנגעלאָדענע שטימונג. און פעטער יודע איז גאָר געווען אויסער זיך, א סימן — ער איז געשטאנען אין מיטן שטוב און געקײַט דאָס בערדל. אין צווייטן צימער איז געלעגן כײַעלע רויט פון שאנדע, און ער, דער פעטער, האָט געבלאָזן אין הובל, געארבעט מיט היץ און אלץ ארײַנגעטײַנעט צו דער ברעט, אז מען זאָל הערן אף יענער זײַט וואנט:

— ציג, וואָס לויפסטו? וואָס שטעכט דיר אזוי דער האָבער?

דערצו איז פעטער יודע געווען א מאָדנער מענטש. ער איז געווען א פילאָסאָף און אן אלמען. מיטאמאָל האָט ער אוועקגעלייגט דעם הובל אפן ווארשטאַט, געבליבן שטיין א היפּשע ווײַלע מיט דעם רוגזועדיקן פּאָנעם צו דער וועלט. ער האָט געטראכט: — פאראנען א קאבאָלע פון רעב זעלמעלען, אז א כאסענע זאָל מען פראווען מיט קלעזמער.

דאָס פידעלע איז געהאנגען אפן וואנט, האָט ער עס אראָפּגענומען, צוגעגאנגען צום הילצערנעם ווענטל, וווּ ס׳איז פון דער צווייטער זײַט געלעגן

כּײַעלע דעם פּעטער יודעס, און אָנגעהויבן מאַכן האָכאַנעס. ער האָט פאַרקאַשערט דאָס גלאַנציקע בערדל, צוגעטלאָכן די אויגן און גענומען שפּילן.

דאָס האָט, קלוימערשט, געדאַרפט באַדײַטן: קלעזמער שפּילן אויף כּײַעלעס כאַסענע.

פון אָנהויב איז טאַקע דער ניגן געגאַנגען, פּונקט ווי בײַ אַ קלעזמער צו באַדעקנס, נאָר ס׳האָט זיך שוין פון אים אויך געהערט אַ כויטער רייעך, ווי פון אַ געזאַנג אויף אַ בעגראָבעניש. עס האָט געצופט באַם האַרצן. דערנאָך האָט ער אָבער גענומען שפּילן אין „אייל־מאָלע־ראַכמים״, אַ ניגן וועגן דעם, וואָס די מומע העסיע איז אַוועק פאַר דער צײַט פון דער וועלט און ניט זויכע געווען צו זײַן בײַ דער טאָכטערס צו דער כופּע. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זײַנע אויגן, די נאַסע וויִעס האָבן געפינקלט אויף די שפּאַקולן־גלעזלעך, און ער האָט שוין ניט געזען פאַר זיך גאָרנישט, בלויז צוגעהערט זיך צו דער פינצטערער היסלאַוועס, וואָס קומט אויף אינעווייניק; ער האָט זיך צוגעהערט צום געזאַנג וועגן דעם ניכטיינעם טויט פון דער מומע העסיע.

דערנאָך האָט ער אויך געשפּילט וועגן דער הון.

און ווער ווייס, ווי לאַנג פּעטער יודע וואָלט דאָרטן געשטאַנען באַם הילצערנעם ווענטל, ווען פּלוצלונג דערהערט זיך ניט אַ שטילער כליפּען פון יענער זײַט, אַ פאַרשטיקטער געוויין, וואָס איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן, און מע האָט געפילט, ווי כּײַעלע וואַרפט זיך אויפן קישן און ווערט כאַראַנגען פון טרערן.

דער פּעטער האָט געכאַפּט אַ קענדל וואַסער און איז אַרײַן אַהין. כּײַעלע האָט געיאָמערט. זי האָט זיך אויפגעהויבן אַ פאַרכאַלעשטע, אַ זופּ געטאָן און צוריק אַנידערגעפאַלן אויפן קישן. האָט זי פּעטער יודע אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ, אַלס צייכן, אַז ער איז צופרידן פון דער קאַלעס טרערן און אַרויס שטילערהייט צום וואַרשטאַט.

ער האָט זיך געשטעלט צוריק צו דער אַרבעט מיט דער האַק און מיט דעם הובל, געמײַסטערוועט שווײַגנדיק אַ גאַנצן טאָג, און שוין דאַכט זיך, לאַכלוטן אויפגעהערט טראַכטן וועגן דעם אומגעראָטענעם שידעך. ערשט אינאָווענט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אָנשטאָט דעם אַלמער, וואָס ער האָט אײַנגעדופּרי פאַרטראַכט, האָט זיך באַקומען אינאָווענט אַ בענקל, אַ פּראָסטער בענקל.

*

בא בערען איז אפמאָרגן געווען א רו־טאָג.

פונוואנען, פרעגט זיך, ווייס מען, אז בא בערען איז געווען א רו־טאָג? פאראן אזא סימען: אויב בערע טוט אויס די שטיוול, איז עס א באוויַיז, אז ער רוט. דעמלט ווערט ער טאקע א שטארק רויִקער מענטש. ער דרייט זיך ארום איבער דער שטוב א באָרוועסער, אין די גרויסע הויזן גאליפע, און נאשט פון די טעפלעך, כאפט בא דער מומע מאלקעלען א לאטקע פון דער סקאָווערעדע, טונקט זי אין עפעס אָפּ און ווארפט עס גלייך אריַין דורכן מויל אין בויך אריַין. ציַיטונגען לייענט ער שטייענדיקערהייט. דערנאָך זעצט ער זיך אוועק אפן טאפטשאן, די פיס אונטער זיך, און נעמט סטרויען דאָס באלאליַיקעלע.

בערע פארמאָגט אין זיך א פאָר האמעטנע לידער, וואָס ער האָט געבראכט פון די פראָנטן; זיי ליגן אין אים ווי אין א קעלער, נאָר עס טרעפט, אז ער זינגט זיי ארויס אויכעט. ער האָט צום זינגען א שווערע בויך־שטים, און בייס ער פארזינגט זיך, קריכן בא אים ארויס די אויגן אפן שטערן פון מעסיקעס.

ער זינגט אביסל מאָדנע.

מע דארף אָבער ניט מיינען, אז בערע פארטוט זיך אין די לידער און פארגעסט אָן דעם וואָכעדיקן לעבן. עס טרעפט, אז ער האקט פלוצלונג איבער דעם טיפן, היכפּיַילעסדיקן געזאנג און טוט א זאָג:

— מאמע, אין צוואבקאָפּ גיט מען היַינט פוטער!

און דערנאָך זינגט ער וויַיטער מיט נאָך מער היסלאוועס, פארכלינעט זיך, און דאָס אָרעמע באלאליַיקעלע פייפט צו.

אָ, א לויב צו דעם זעלמעניאנישן נוסעך אין דער וועלט־געשיכטע!

*

בערע זיצט שוין היפשע עטלעכע שאָ אפן טאפשטאן, די באָרוועסע פיס אונטער זיך, און שפילט. דאָס באדיַיט, אז דער כאָסן איז זי מעסאמייעך אין די שיוועס יעמיי האמישטע. דאָס העמדל איז אָפּגעשפּילעט, די ליפּן אָנגעבלאָזן, און די דעמבענע שטים גייט פון בויך:

אז איך בין געפאָרן, קיין ראָסטאָװ אפן דאָן,
האָב איך גענומען א לאבן ברויט;
אז איך בין געפאָרן קיין ראָסטאָװ אפן דאָן,
האָב, איך די בורזשויען געמאכט דעם טויט.

און אין הויף איז מען ארומגעגאנגען און געזאָגט:

— ווײַבער דארפן זיי האָבן, די שילועס? — קאַדאָכעס דארפן זיי האָבן.

— ווי קומען זיי, די כאמערוקעס, צו ווײַבער?

און דער פעטער יודע איז ארײַן צו כײַעלען אין קאמער:

— וואָס ליגסטו? — האָט ער געזאָגט, — דער מאַן דײַנער זיצט דאָך דאָרטן אין דער מעסיבע פון ראבאָנים און שיט פון זיך מיט שטיקער טוירע!

דעמלט האָט זיך בערע אָנגעזונגען, ווי א פויק, און איז אוועק. ער האָט אפילע ניט געפונען פאר נויטיק צו פארווארפן א וואָרט, אז ער האָט כאסענע געהאט.

*

שפעט אינאָווענט, נאָך הייסע יישעווהאדאסן, האָט זיך די מומע מאלקעלע געלאָזן צו בערען אין דער מיליציע ארײַן. עס איז באוווסט, אז די מומע מאלקעלע האָט פון טאָמיד שיינע אײַנפאלן אין זיך, און איצטער איז עס אויך איר אופטו געווען — גיין פארבעטן בערען אף לעקעך און בראנפן.

— אויב מען איז ניט קיין יידן, איז מען דאָך אָבער שטיקלעך מענטשן, וואָס — ניט?

זי איז דורכגעגאנגען קאלטע, טונקעלע קאָרידאָרן, ביז זי האָט ניט אויסגעפונען דעם צימער זײַנעם. דאָרטן, צווישן פאנאנדערגערוקטע טישן, איז דער כאָסן געשטאנען א רויטער, א פארסאָפּעטער, און געוואשן די דילן.

די מומע מאלקעלע האָט זיך טיף פארשעמט:

— ווי פאסט עס פאר דיר, — האָט זי זיך צעבייזערט, — מען קען דאָך חעמען בעטן?

בערע האָט מיטן עלנבויגן אָפּגעווישט די וואָנצן און געענטפערט, אז ער וועט, נישקאָשע, טרעפן אליין די כאָכמע. ער האָט אוועקגעשטעלט די בארשט און אופגענומען די מאמען מיט זעלמעניאנישער הארציקייט.

די מומע מאלקעלע האָט זיך צוגעזעצט גאנץ ברייטלעך, ניטאָ זיך חאָס צו אײַלן. האָט עפּעס אזוי זיך גענומען א פעדער פון טיש, א פרווו געטאָן אפן נאָגל און געפרעגט:

— בערע, די פען רײַסט ניט?

— ניין, נו, און וואָס הערט זיך בא אײַך?

— ווייסט דאָך, — האָט זי געענטפערט, — מע לערנט אביסל יִדיש, אביסל רוסיש...

אזוי האָט מען גערעדט ארום און ארום.

און מען דארף ניט מיינען, אז די מומע מאלקעלע האָט פארגעסן אין יענעם אָוונט נאָך וואָס זי איז געקומען. זי האָט ניט פארגעסן. א מענטש דארף קענען בלויז צוגיין צו א מענטשן; און ניט אומזיסט האָט מען געשיקט אין דער שליכעס די קלוגע מומע מאלקעלע, כאָטש פעטער יודע האָט זיך נאָך באטאָג שטארק געריסן, און ווי ער האָט באטאָג פארזיכערט, וועט ער אים דאָרטן, דעם שיינעם איידעם זיינעם, צערייבן אף אש. די מומע מאלקעלע האָט שוין דאווקע גאָרניט פארגעסן, זי האָט אפילו אויך באוויזן ארויסצוזאָגן די האשאָרע, אז דאָס פארשרייבן זיך אין זאגס האָט עפּעס אין זיך ניט קיין האפט. דאָס איז עפּעס ניט צום הארצן.

בערע האָט צוגעשמייכלט.

דעמלט אָ האָט זי אים פארבעטן אף לעקעך און בראנפן. און די מומע מאלקעלע האָט צוגעגעבן:

— פארשטייט זיך, אָן צערעמאָניעס, וואָדען? — מע איז דאָך אויך עפּעס שטיקלעך היינטיקע, קאָמסאָמאָלן...

*

אין הויף האָט מען זיך גענומען גרייטן צו א שטילער כאסענע.

רויכן זיינען געשטאנען איבער די קוימענס. קיטקעס — אויסגעפלאָכטן אף די טישן, ווי אין אמאָליקע יאָרן. די מומע גיטע ווייס דעם סאָד פון א באזונדער סאָרט האָניק־טייגל, וואָס מיט זיי האָבן זיך געכייעט אירע ווייטע, בלויע ראבאָנים. רויכעס פון צימערינג און זאפראן האָבן זיך געטראָגן איבערן הויף.

בלויז פעטער יודע האָט נאָך עפּעס געקוקט רוגזעדיק, אָבער אויך אָן בייז. ער האָט געהאט עפּעס א מין בעגעד פון זאמד־קאָליר, מיט א ברוינעם גאמעטענעם קראגעלע, ווי א שטיקל רימען, — דאָס האָט ער איצטער געטרייסלט איבערן פראָסט.

מע דארף נאָך אָבער צוגיין א קוק טאָן צו דעם פעטער זישע אין פענצטער אריין: אויב עס באווייזט זיך אין פענצטער א פירקאנטיקע באָרד, איבער איר ליגט א האנט, וואָס האלט זי פעסט צו, און מיט א

קעמל ווערט זי, דידאָזיקע באָרד, געקעמט פונונטן ארויף,—איז עס א באוויַיז, אז עס וועלן זיַין גרויסע סימכעס אין הויף.

יאָ, די באָרד איז דאָ!

צאלקע האָט געבראכט א פלעשל וויַין. אלזאָ, אין רעבזועהויף טוט זיך מייַסים. פעטער איטשע גייט ארום פון באגינען, ווי די שטילקייַט אין א מענטשלעכער געשטאלט, ווי א טויב, טוט בלויז האָרכן, וואָס מען רעדט, דערביַי וויל ער אויסמיַידן די מומע מאלקעלעס בליקן.

פארוואָס?

פעטער איטשע האָט א טעווע צו נעמען אקאפּ אף דידאָזיקע סימכעס, און דערנאָך גייט ער זיך קושן מיט וויַיבער. מע האלט, אז דאָס שטאמט פון זיַין ניטאיבערגעשפּיצטקייַט.

עס האָט זיך ארויסגערוקט דער טאָג, פארגאנגען אָן א שקיע. בא פעטער יודען אין שטוב האָט מען אָנגעצונדן דעם גרויסן אייַזערנעם לאקירטן לאָמפּ, וואָס הענגט אראָפּ, ווי א גאנצע מאשין. אין שטוב איז געווען גריַילעך ציכטיק. עס האָט געשמעקט מיט פרישער סאָסנאָווער ברעט. בלויז אין פירהויז האָבן זיך נאָך געטראָגן גערוכן פון די אמאָליקע פארזעצטע גענדז. אין פירהויז האָט נאָך אָפּגעגעבן די שמוכט.

פעטער יודעס בערדל האָט געגלאנצט כונעם קאלטן וואסער. אין זיַין אלטפרענקישן שטיַיפן בעגעד איז ער געווען ענלעך צו א דאָרפישן גאלעכל, וואָס האָט דאָ אהער פארבלאָנדזשעט צו די זעלמעניאנער. שפעטער צו האָט מען געבראכט צו פירן די באָבע באשען אין די מאלבושים פון א פארציַיטיקער קיניגן. עס האָט פון איר אראָפּגעלויכטן א פאָלערינקעלע פון שווארצע פאטשערקעס מיט טויזנטער טונקעלע קאָלירן. אפן קאָפּ האָט זי געהאט א גאנצן בלומענגערטנדל. פעטער איטשע האָט זיך ארייַנגערוקט אן ארומגעצוואָגענער, די באָרד אביסל ארומגעכאפּט מיט א שערעלע. דערנאָך האָבן זיך ארייַנגעלאָזן פעטער זישע און מומע גיטע. פעטער פאָליע איז, פארשטייט זיך, ניט געקומען, וויַיל מען האָט אים ייִנגלוויַיז באליידיקט. שפעטער פון אלעמען איז אריַין צאלקע פעטער יודעס שלימאזל, א געבילדעטער, שטענדיק פארקוקט אין די ביכלעך. ער איז דער, וואָס פון די נייַע געלערנטע, אז איינער רעדט ארויס א וואָרט, שפרינגט ער גלייַך אויף א פארכידעשטער:

— ווי? וואָס האָט איר געזאָגט?

און באַלד פאַרשרייַבט ער דאָס אין א ביכעלע. דעריקער האָט ער צו טאָן מיט דער באָבען, וואָס עס איז אויך ניט דער שטייגער פון יונגע לייַט. נאָך א מידע האָט ער: ער נעמט זיך פון צייַט צו צייַט דאָס לעבן, נאָר דאָס געהערט שוין ניט צום איניען.

מען האָט זיך אויסגעזעצט באַם טיש מיט דער זעלמעניאַנישער רויִקייַט און גענומען ווארטן אפן כאָסן.

*

ווי נאָר בערע האָט זיך באוויזן אפן שוועל, איז די מעכוטאָנים באַפאַלן א גרויסע שטילקייַט, ניט ווי אף א כאסענע. מען האָט אפילע געכאַפּט קוקן מיט א ציטער אין די וויִען. די יאָנטעוודיקע געזעלשאַפט האָט אויסגעזען שטארק כאָשעד, און דעריבער האָט בערע א זאָג געטאָן באַלד אפן אָרט.

— ווי עס לאָזט זיך מערקן, לויט פאַרשיידענע סימאָנים, קלייַבט מען זיך דאָ פּראַווען די שיינע כאַסענע?—און געקוקט האָט ער אף דער אויסגעפּוצטער כייַעלע, וואָס איז געזעסן אף א קישן סאַמע אויבנאָן, העכער פון אַלעמען,—יאָ, צי ניט?

— וואָדען,—האָט פעטער יודע געענטפערט בייז,—א קנאַפּע סימכע, וואָס?

פעטער יודע האָט געענטפערט מיט א שטאָך, ווייַל ער קען ניט האווירן מיט מענטשן.

דעמלט האָט בערע ארויסגענומען צייַטונגען צום לייענען. אזוי ארום האָבן זיך די זעלמעניאַנער גענומען אָנשטויסן, אז די כאַסענע וועט שוין אראָפּ ניט איינגאַנצן בעשאָלעם. בלויז דער צעהיצטער פעטער איטשע, מיט דעם בענדעלע אונטערגעבונדן דעם קאָלנער, איז נאָך געזעסן גרייט צו נעמען אקאַפּ. פּלוצלונג האָט ער באַקומען א ווייַבערשן קניפּ אין די קני: די מומע מאַלקעלע האָט עס אים אונטערן טיש געלאָזט וויסן פון איר פאַרצווייפלונג, האָט ער זיך אויך גענומען ארומקוקן מיט כשאַד.

אז בערע האָט איבערגעלייענט די צייַטונגען, האָט ער ארויסגעלאָזן צווישן די ליפּן דעם באַוווּסטן הירזשע און גענומען קוקן צום לאָמפּ, ווי ס'איז שוין באַקאַנט זייַן שטייגער אין אזוינע פאַלן. ווי מע מיינט, האָט ער זיך אוועקגעזעצט ארויסשווייַגן די כאַסענע.

דאָס איז ניט קיין גרויסער אופטו, מע דארף עס אָבער אויך קענען. בערע האָט די זאַך לעפיערעך דורכגעפירט אף אזא מין אויפן:

ער איז געזעסן רויִק, ווי עס זיצט אמאָל איינער אף א וואָקזאל און וואַרט, אז זײַן צוג זאָל שוין ענדלעך אָנקומען; געקוקט אפן לאָמפּ, און דערבײַ ארויסגעשוויגן שווײַג־שטיינער אזויגע, וואָס האָבן זיך געלייגט אף די נעשאָמעס פון די מעכוטאָנים, ווי וואָליק. נאָך א צען מינוט שווײַגנס איז אלעמען פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

דער מענטש איז געזעסן און געמאזיקט מענטשן, געקוקט און קאלט געשניטן אף רעכטס און אף לינקס, ווי א פראָסט.

דער ערשטער, וואָס האָט ניט אויסגעהאלטן, איז געווען פעטער יודע. ער האָט זיך א בויג געטאָן איבערן שטול, און זײַנע שווארצע שארפע אויגעלעך זײַנען ארויסגעקראָכן איבער די שפאקולן:

— עפשער ווערסטו אמאָל ארויסריידן א וואָרט, שוינער איידעם מײַנער?

צוהילף איז אים געקומען דער בלייך־געוואָרענער פעטער איטשע.

— ברענג ארויס א וואָרט, זאָג איך צו דיר, בולעך, וואָרעם ס'איז דײַן סימכע, דײַן כאסענע!

— און וואָס האָט מען דיר דאָ אזוי געטאָן?—האָט זיך גענומען בעטן די מומע מאלקעלע.

דעמלט האָט בערע פּאמעלעך געענטפערט:

— הערט מיר אוף צו דולן א קאָפּ, וואָרעם איך זיץ און טראכט וועגן עפּעס אנדערש.

— טאָ לאָמיר אויך וויסן וועגן וואָס, אשטייגער, א מענטש טראכט?—האָט פעטער יודע ניט אָפּגעלאָזן.

— דאָס זיץ איך און איך טראכט,—האָט בערע געזאָגט,—ווי אזוי מע קען דאָ עלעקטריפיצירן דעם הויף.

די זעלמעניאנער האָבן זיך ארומגעקוקט. די זעלמעניאנער האָבן ניט געוווּסט פון קיינע בייזע כאלוימעס. דאכט זיך, אז וועגן הויף איז ניטאָ וואָס צו טראכטן, און אויב מע זאָל שוין צוגעבן, אז דער רעבזעהויף לאָזט זיך יע ארומטראכטן, איז איצט אויך ניט די צײַט אף דעם. דאָס האָט אים טאקע פעטער יודע אופגעקלערט, און אים דערבײַ שוין דער־לאנגט אפן איידעלן אויפן, ווײַל ער איז ניט געווען פון די מענטשן, וואָס קענען פארשווײַגן א זאך.

בערע האָט זיך אופגעהויבן, געבעטן כײַעלען, זי זאָל זיך אָנטאָן, און כאָסן קאלע איז אוועק.

*

די שאנדע איז געווען גרויס. עס זײַנען געזעסן די מעכּוטאָנים ארום טיש מיט לאַנגע פּענעמער און געקוקט אפן טישטעך. פּלוצלונג איז אין פּעטער יודען אריַין א טירעף. ער האָט געכאפּט די פלאש ווײַן און א זעץ געטאָן אָן דו׳ערד. ער האָט זיך אָנגענומען פארן אייגענעם בערדל און עס געוואָלט ארויסרײַסן פונעם פארזיי־שעטעך.

אין שטוב איז געוואָרן א שטיקל מעהומע. לײַט האָבן זיך גענומען רוקן צום טיר, בלויז פּעטער זישע איז געשטאַנען רויִק, פול אָנגעגאָסן מיט שמייכל, וואָט האָט אזש געשפּריצט פון אונטער די וויִען, און ער האָט געצויגן א האָר פון באָרד:

— לײַטישע קינדער!..

האָט זיך פּעטער יודע א צי געטאָן צו אים, ווי א שרויף, און גע־נומען ווארפן מיט א פינגער:

— ווארט, זישקע, דו האָסט נאָך ניט געפּאָקט און געמאָזלט, בא דיר זײַנען נאָך אויך פּאראַזן טעכטער!..

אף דעם האָט פּעטער זישע געענטפערט קאַלט און גרינטלעך, האגאם ס׳איז בא אים בלייך געוואָרן די נאָז:

— טאָ זאָל מען טאקע וויסן,—האָט ער געזאָגט,—אז זישע דעם זייגערמאכערס טעכטער ווען דאפּקע יע כאסענע האָבן קעדאס מוישע ווע׳סראָעל.

נעבן אים איז שוין געשטאַנען די מומע גיטע און געהאַלטן פאר אן ארבל: פּעטער זישע איז געווען א ייִד א כאָלוש. וויבאלד ער האָט אָנגעהויבן ריידן, האָט ער שוין אָבער גערעדט ווײַטער און געייצעט, אז בעסער זאָל שוין דער ברודער זײַנער זאָרגן פאר דער אייגענער טאָכ־טער, כײַקען, זי זאָל, נעבעך, נים פארגעסן ריידן אין דער געזעלשאפט פון איר טײַערער „מעצאצע“.

אָבער פארוואָס איז בא פּעטער זישען בלייך געוואָרן די נאָז?

---

## דער פּעטער זישע און די מומע גיטע.

פּעטער זישע איז אריַין צו זיך אין שטוב א שוויַיגנדיקער. ס׳איז שוין געווען שטארק שפּעט. אדורך די קורצע, בלויע פענצטערלעך זײַנען

אריַינגעפאלן זילבערנע דרעטלעך פון די שטערן. ער האָט פאנאנדער־געעפנט די טירן אין צווייטן צימער אריַין.

דאָרטן האָט געשמינקלט א קורניקל. טאָנקע פעטער זישעס איז גע־לעגן אין בעט, געקיַיט א שטיק ברויט און געלערנט עפעס פון א דיקן בוך.

לאנג איז געשטאנען פעטער זישע אין דער האלב־פינצטערניש, גע־גלעט די באָרד און ניט געוווסט ווי אָנצוהייבן.

— איז וואָס זאָגסטו, גיטע?

און ער האָט זיך א קער געטאָן צו דער מומען, וואָס איז טאָמיד געשטאנען נעבן אים.

— אוודע איז זי ניט קיין מענטש,—האָט די מומע געענטפערט,—סע שטייט דאָך א הייטער הליאַק אין אויוון.

פעטער זישע האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט:

— ווי לאנג איז דער שיר צו קאָמסאָמאָלעווען?—אָט דאָס פרעג איך.

טאָנקע האָט זיך דעמלט אויסגעקירעוועט געלאסן צום פעטער.

— דו מיינסט עס מיטטאָמע מיך, ניין?

— און אז דיך, איז וואָס?

— איז דיר עפשער באקאנט, טאטע,—האָט זי זיך אופגעהויבן מיט די נאקעטע אָרעמס פון זעלמעניאנישן ברוין,—אז דעם 25־טן אָקטיאבער 1917 יאָר איז אף א זעקסטן טייל פון דער וועלט פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע פראָלעטארישע רעוואָלוציע?

— נו?

— נו, איז אָט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן,—זי האָט א שמייכל געטאָן איבעוויייניק און זיך ווידער גענומען צום בוך.

פעטער זישע האָט זיך אוועקגעשטעלט קעגנאיבער דער מומען:

— גיטע, דו הערסט? בערעלע אונדזער איטשקעס איז דאָך געוואָרן דער מאכער...

— און דו וואָלסט בעסער געוואָלט, ניקאָלײַקעלע זאָל זײַן דער מאַ־כער?—האָט טאָנקע האסטיק א פרעג געטאָן.

— איז וואָס? פאר ניקאָלײַקעלען, נארעלע, מיינסטו, האָט זיך יידן געלעבט שלעכט?

טאָנקע האָט פלוצלונג א שפײַ געטאָן, די שטיק ברויט א וואָרף גע־טאָן אָן דרערד, פארלאָשן דעם לאָמפּ, אומגעקערט זיך צום וואנט און זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ.

עס איז געוואָרן פֿינצטער און שטיל, טויב־שטיל צווישן די לאַנגזאַמע, פֿאַרשיידענע קלעפּ פֿון דעם פּעטער זישעס אַלע זייגערס, וואָס האָבן אָראָפּגעקלאַפּט אין צווייטן צימער פֿון די ווענט, ווי אַ גראָבער רעגן. עס איז געוואָרן פֿינצטער ביז טיף אַהינטער די אויגן.

— קיבעד־אַוו, האַ?—האָט פּעטער זישע אַרויסגערעדט פֿון בויך.

נאָכדעם איז טאַטע־מאַמע אַרומגעקראָכן און געטאַפּט איבערן שטוב, איבערגעשריִען זיך מיט מאַטע, וואַסערדיקע שטימען, און דאַכט זיך, אַז פּעטער זישע האָט דעמלט שאַרף פֿאַרורטיילט די היַינטיקע אָרדענונג.

*

וואָס איז עס פֿאַר אַ ייִד דער דערדאָזיקער זישע דער זייגערמאַכער?

קוידעמקאָל איז ער אַ ייִד אַ כאָלוש. באַלד נאָך דער כאַסענע האָט פּעטער זישע פּראָקלאַמירט זיַין כולשעס פֿאַר דער וועלט און אַלע האָבן עס אָנגענומען. עס קומט אים אויס צו כיַיען מיט אַ ייַכל, מיט אַ ציט־ריך. פֿון זיַין זייגערמאַכעריַי, זאָגנדיק דעם עמעס, האָט מען קיינמאָל גאָרנישט. די מומע גיטע דאַרף נאָך דערצו פֿאַרקויפֿן פּאָדעם איבער די קאָאָפּעראַטיוון. אייגנטלעך, איז זי, די מומע גיטע, די גרויטע כאַלאַנעס, ליַידט אַף אַ היפּש ביסל קראַנקיַיטן, וואָס צוויי פֿון זיי, ווייס מען, האָט זי באַקומען ביַיערושע פֿון אירע ראַבאָנים און פֿיר האָט זי אַליין אויסגעכאָוועט מיט די אייגענע קויכעס. דאָקטוירים האָבן אַפּילע אַנומלטן פֿאַרזיכערט, אַז זי וועט איניגיכן מאַכן אַ שטאַרב, איז זי דעריבער אָפּ־געהיט, און אַז זי קומט אַרויס פֿון אַ קראָם, פֿאַרשריַיבט זי גליַיך די כויוועס, טאָמער טרעפֿט זיך דער אומגליק אונטערוועגנס, זאָל מען וויסן נאָכער באַ וועמען צו מאָנען פֿאַר פּאָדעם.

און וואָס איז עס פֿאַר אַ ייִדענע די מומע גיטע?

זי איז אַ הויכע, אַ דאַרע, אַ ביינערדיקע, אַ פֿאַרשפּילעטע ביזן האַלדז. צייַטנווייַז טוט זי אַ רייד מיט אַ מאַנצבלשן קאָל. אַ שוויַיגערן איז זי אויך, ווי די זעלמעניאַנער, נאָר איר שוויַיגן איז שוין עפּעס אַנדערש—אַ ייַדענער, מיט אַביסל טרויער, מיט אַביסל טרייַלעס פֿון טאַלייסים. בערע, לעמאָשל, האַרגעט דאָך מענטשן מיט זיַין שוויַיגן, נאָר, אַז די מומע גיטע זעצט זיך אַנידער אַזוי אַוועק דורכשוויַיגן זיך אַף עטלעכע שעה, איז עס אַ געזאַנג, אַ פֿידלשפּיל.

*

נאָך האַלבער נאַכט האָט פּעטער זישע אופגעהויבן דעם פאַרשלאָפענעם, פּירקאַנטיקן קאָפּ פון קישן און גענומען וועקן די ווײַב:

— סאָרקע איז שוין דאָ? מע פרעגט דאָך בא דיר, סאָרקע איז שוין דאָ?

געמיינט האָט ער די עלטערע טאָכטער, סאָניע דעם פּעטער זישעס, וואָס אַרבעט אין פאַלקאָמפּין.

4

## פעטער פאָליע.

דער פעטער פאָליע גייט מיט אן אייגענעם, אָפּגעשיידטן, האָרעפּאשנעם װעג אין לעבן.

ער שװײַגט דרײַ מאָל: איינמאָל, װײַל ער האָט ניט װאָס צו זאָגן, א צװייטן מאָל, װײַל ער האלט פון קיינעם ניט אין הויף, א דריטן מאָל װייל מע האָט אים קלײנערהייט באליידיקט.

מיט 35 יאָר צוריק איז ער אלט געװען סאכאקל 10 יאָר. דעמלט האָט מען איבער אים אָפּגעטאָן א גאזלעװװיסטװע—מען האָט אים, נעמ־לען—געשמיסן, שיר ניט פארשמיסן אף טויט.

רעב זעלמעלע האָט נאָך דעמלט געהאנדלט מיט קעלבלעך; ערשט דאָ ניט לאנג געהאט געקומען פון „טיף ראשיי". די קינדער (זישקע, יודקע, איטשקע דער באָק) זײַנען ארומגעגאנגען איבער די הויפן קלײַבןביינער, און אים, דעם פעטער פאָליע, האָט מען ניט מיטגענומען.

— מיט אָט דעם לאמעדודע,—האָבן די קינדער געזאָגט,—גייען מיר ניט. ער איז ניט מאזלדיק!

האָט דער פעטער פאָליע דעמלט געטראכט שטילערהייט בייזע פלענער, װי צו איבערראשן די שטוב, ארומגעגאנגען שװײַגנדיק איבער די הויפן, גע־נישטערט אין די מיסטקאסטן—קיין עמעסע ביינער האָט זיך ניט גע־מאכט; און ער האָט זיך אָפּגעשיידט אליין מיט זײַנע פינצטערע געדאנקען.

בעכיין, האָט זיך פעטער פאָליע נאָך ייִנגלװײַז ארויסגעװיזן פאר אן אָפּגעשיידטער גאטור.

אמאָל, פאר'נאכט, איז ער זיך בעגאנגען באָדן. באם סאמע טײַך איז א גרוב איז געלעגן אן אָפּגעשונדענער פערד. פעטער פאָליע האָט זיך אָפּגעשטעלט, ארײַנגעקוקט אין דער שטילער פינצטערניש פון אופגע־

שניטענעם בויך, באטראכט די פאריסענע פיס, און מיטאמאָל האָט אים א זעץ געטאָן א שרעקלעכער געדאנק:

— פון אָט דעם פערד מיט די ביינער קען מען ניסאשער ווערן!

ער האָט זיך קימאט וויינענדיק געלאָזן אהיים נאָך א זעקל.

דריי טעג האָט ער געהאָרעוועט, געשלעפּט אפן פלייצע שטיקער פערד און געשטאָפּט באם טאטן הינטערן אויוון.

רעב זעלמעלע איז גראָד געווען אין דאָרף, צוריקגעקומען איז ער ערשט באגינען, און שוין באם איבערטרעטן די שוועל האָט ער זיך גענומען ווישן די נאָז.

— סאָרע־באשע, סע טראָגט בא דיר אין שטוב!

באם אָנבייסן האָט ער שוין א זאָג געטאָן קלערער און בייזער:

— סאָרע־באשע דאָ טראָגט עפּעס מיט געפייגערטן פערד!

די באָבע האָט צעעפנט די פענצטער, ארויסגעגאָסן ס'צעבערל, אריינ־עקוקט אין קאָטוך, אונטער די בעטן—ניטאָ גאָרנישט.

און דעמלט איז גראָד עפּעס א ייִד דורכגעגאנגען די גאס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אריינגעשריען אין שטוב אריין:

— רעב שאָכן, מאכט צו די פענצטער, מאכמעס איר פאראווערט א וועלט.

פארשטייט זיך, אז דאָס איז געווען א גוזמע; אָבער מע דערציילט, אז רעב זעלמעלע איז דענסטמאָל געוואָרן איישלעהאָווע, כאָטש ער איז דאפקע געווען א מענטש א געלאסענער. ער האָט זיך אָנגענומען פאר דער קליאפּע, ווי ער וואָלט קלוימערשט זיך גופע געקליבן ארויסוואָרפן פון שטוב, און גענומען שרייען:

— די רעגע זאָל מיר דאָ ווערן דיינער די לופט!

די באָבע האָט זיך געכאפּט צום וויעכעטש, גענומען גיסן און ווישן, און די קינדער האָבן זיך א נעם געטאָן שנייצן די נעזלעך, קאמען די קעפּלעך; די לופט האָט שוין טאקע געהאלטן באם ווערן ריינער, אָבער דאָ האָט פעטער איטשע (איטשקע דער באָק) גענומען שרייען פון ער־בעצווו:

— טאטע, אָט איז ער!

— ווער?

— דער גאנצער פערד!

דער פעטער איטשע האָט ארויסגעשלעפּט אפן אקסל א שווארצגע־וואָרענעם הינטערשטן געלענק פון א פערד. עס האָט זיך געקערט כּוי־שעך. רעב זעלמעלע האָט דעמלט געגומען שליידערן פון איבערן וואנט כּאלאָקיס פּעגירע, ווי אין א יאטקע, און געוויעט ניט מיט א מענטש־לעכן קאָל:

— אוי, איכל קאטעוועז די הויט!

— אוי, איכל ניט איבערלאָזן א ביין אף א ביין.

באלד האָט מען בישטיקע פארגראָבן דעם פערד אהינטערן שטאל.

דער פארליימיקטער רעב זעלמעלע מיט דעם צעשויבערט בערדל איז אריין אין שטוב, צו שוויַיגנדיק צוס בעזעם, ארויסגעקליבן א פּאָר הארטע ריטער, און ווי ער וואָלט געגאנגען טאָן עפּעס א הייליקע אַוודע, האָט ער ניט געצײַלט ארומגעשטעלט די אלע פארבלאָטיקטע באָנימלעך ארום זיך און געפרעגט.

— זאָגט מיר, ווער פון אײַך, באָנים מאשכּיסים, דארף זיך דאָ איצ־טער לייגן אפן בענקל?

פעטער פּאָליע איז ארויס מיט א פינצטערן פּאָנעם און אָפּגעזאָגט,

— טאטע, איך דארף זיך דאָ איצטער לייגן אפן בענקל.

טייקעף האָט די באָבע באשע געכאפּט די פּאטשיילע און ארויסגעהע־שעט אין דרויסן.

אין שטוב איז געוואָרן פײַערלעך שטיל. פעטער זישע און פעטער יודע האָבן אָנגעגומען דעם „לאָמעדודע" פאר די הענט. פעטער איטשע — פאר די פיס, און די שמײַסערײַ האָט זיך אָנגעהויבן גאנץ געלאסן, נאָכ־דעם אָבער אלץ הייסער און הייסער.

פעטער פּאָליע איז געלעגן, ווי א קלעצל, רויִק, שטיל, א זיפץ ניט געטאָן.

פלוצלונג האָט ער זיך אָבער א ריס געטאָן צו רעב זעלמעלעס קני ארײַנגעביסן זיך אין איר, ווי אין א טייג, און שוין ניט אָפּגעלאָזן, ביז דער מויל איז בא אים ניט פארלאָפן מיט בלוט.

דער פעטער פּאָליע איז דעמלט אנטלאָפן.

היפּשע וואָכן האָט ער זיך נאָכדעם ארומגעדרייט אין די שכיינעס־דיקע סאָפּזומערדיקע גערטענער, געשלאָפן הינטער די פּלענקענער, און פעטער איטשע פלעגט אים דאָרטן ברענגען בעסאָד שטיקער ברויט פון דער באָבע באשע.

רעב זעלמעלע האָט געלייגט הייסע טיכער צום פוס, געשוויגן און שטארק אריינגעטראכט. רעב זעלמעלע האָט דעמלט געטראכט וועגן דעם, אז דער פערד איז עפשער א העכערער סאָרט ווונק צו א טאטן, וואָט מען דארף טאָן צו זיין קינד.

אמאָל, פארנאכטלעך שוין, האָט ער אוועקגעשיקט דעם קליגסטן זון זיינעם, דעם פעטער זישען, ער זאָל מוידיע זיין פאר דעם העפקער־יונג, אז דעם טאטנס צאָרן האָט זיך געשטילט און אז ער קען זיך שוין צוריקקערן אהיים.

פאָליע איז צוריק געקומען.

קוידעמקאָל האָט ער ארויסגעשטעלט די פאָדערונג, מע זאָל אים אָפּ־געבן גאָר דאָס עסנווארג, וואָס עס קומט אים פאר די עטלעכע וואָכן. מע איז אים אנטקעגן געקומען, אלע האָבן גענומען טראָגן צום טיש. מע האָט דערלאנגט ברויט, אָנגעשטעלט פולע שיסלען, און פעטער פאָליע האָט באשיינפערלעך דערוויזן, וואָס ער קאָן. בייס ער האָט שוין גע־האלטן באם לעצטן שיסל, האָט זיך רעב זעלמעלע צו אים געקערט מיט טיפער פאָטערישער ליבע:

— גיי, מיין קינד, שלאָפן, מאכמעס באגינען פיר איך דיך אָפּ צו מענדלען אין דער גארבעריי.

אזוי ארום איז פעטער פאָליע געוואָרן א גארבער. דער ערשטער גארבער אין רעב זעלמעלעס מישפּאָכע.

*

ער האָט זיך נאָך מער אָפּגעשיידט פון אלעמען. אין א קורצער צייט ארום האָט ער שוין געהאט ברוינלעכע נעגל, ווי שטיקלעך קו־פער. גערעדט האָט ער שוין מיט קיינעם נים.

עפּעס אין א הייליקן פרייטיק צו נאכט האָט ער זיך ארייננעכאפּט אין א גאָר־קיך און ויסגעטרונקען א פלאש בראנפן. מע האָט אים גע־בראכט אהיים קימאט א געשטאָרבענעם, פארקויטיקט און שיקער, ווי לאָט. ביסלעכווייז האָט ער זיך אויך אויסגעלערנט מאכן דעם טרונק, און אין דער גארבעריי איז ער געוואָרן — מייסטער פון שקאליק. פעטער פאָליע האָט געהאט די מיילע, וואָס ער פלעגט טרינקען שווייגנדיק, שטילער־הייט, ערגעץ אין א ווינקל־שענק.

יענע צײַטן האָט זיך גראָד פֿאַרשפּרײט א פֿאַלשער קלאַנג, אַז אויך פּויערים קלײַבן זיך אָנטאָן שטיוול. די גאַרבער װעלן נאָכן שטיקער גאָלד. פּעטער פּאַליע האָט זיך דערפֿרײט, װאָס ער װעט כאָטש מיט עפּעס קענען אָפּטאָן די פֿאַמיליע זײַנע. נאָר אַפילו דעמאָלט, שטײענדיק אין טונקעלן צאַפּ ביז די קני אין רויער קאָרע, פֿלעגט אים אומגעריכט באַפֿאַלן אַ זלידנער געדאַנק:

— ער האָט דאָך מיך געקענט מאַכן פֿאַר אַ שנײַדער, און אויב דאָס איז אַן אָפּקומעניש פֿאַרן פֿערד, האָב איך דאָך געמעגט זײַן אַ שוסטער אויכעט?!

*

רעב זעלמעלע איז געשטאָרבן.

מע קען ניט זאָגן, אַז דער טויט זײַנער האָט שטאַרק צערודערט די זעלמעניאַנער, לאָזן אָבער אַ טרער האָט זיך געפּאַסט לעכאָלעדײעס. איז דאַפּקע פּעטער פּאַליע דעמאָלט אַרומגעגאַנגען איבערן הויף, די הענט אָפּהינטער, געגענעצט און אַלץ געטײַנעט צו מענטשן.

— מען װעט אים שוין אַמאָל אַרויספֿירן. צי ניט?

נאָכמער:

אין דער װאָך פֿון שיװע האָט ער פֿון ערגעצװו געבראַכט אַהײם אַ קלײנע, שװאַרצע טרויעריקע װײַבל. בלויז פֿאַר דער באָבען האָט ער דערקלערט, אַז פּאַליע מעג זיך שוין דערלויבן האָבן אַ װײַב און אַז װאַרטן איז ניטאָ װאָס.

די טרויעריקע װײַבל איז, אַגעװ, אָפּן שטעל קײנעם ניט געפֿעלן געװאָרן. מען האָט אויסגעפֿונען, אַז זי איז אַן אומצוכט. די װײַבל האָט זיך שטאַרק פֿאַרשװאָרן, אַז ניט; ס'האָט ניט געהאָלפֿן — די זעלמעניאַנער זײַנען מענטשן מיט פֿעסטע כאַראַקטערן.

אינגיכן האָט זיך אָבער געעפֿנט איר מוטערטראַכט, זי האָט ברײט אױעקגעקינדלט, פֿאַרנומען זיך אַף גרױס, און מען האָט זי צוליב דעם אַלײן אַרײַנגענומען אין דער מישפּאָכע.

אירע קינדער האָבן געהאַט די פֿאָרם פֿון קײַבעסן — קורצע, אופּגעלאָפּענע, מיט אָנגעגאָסענע קעפּ, כּוץ אײנער — מאָטעלע דער שװאַרצער, װאָס האָט געטראָגן דעם אָנבליק פֿון פּעטער פּאָליען. דעריבער פֿלעגט ער אים טאַקע פֿאַרנאַכט, װען אַלע טאַטעס צעזעצן זיך אַף די פּריזבעס

מיט די קינדער אף די הענט, אויך נעמען אפן שויס און שנעלן אין נאָז פון ליבשאפט וועגן. אירע קינדער (דער ווײַבלס) האָבן באם וואקסן ארויסגעוויזן נאָך א מאָדנע אומפארשטענדלעכע אייגנשאפט, נעמלעך — דאָס ערשטע וואָרט, וואָס זיי פלעגן ארויסברענגען פון מויל און גאנץ דײַטלעך, איז געווען ניט טאטע, ניט מאמע, נאָר עפּעס א וואָרט א גאנץ זײַטיקס:

— „נאָך".

האָט מען זיי געגעבן א מויצקע ברויט מיט אן אוגערקע, צי א רע־טעכל, צי א טעלערל שטשאוויע, פלעגן זיי אופעסן און שרײַען.

— נאָך!

געווען בא איר א קינד, כאַניע, וואָס האָט אפילע איינמאָל געשריען נאָך, נאָכדעם ווי ער האָט אופגעגעסן א שטיק זייף. פארשטייט זיך, אז מען האָט אים ניט געגעבן.

*

אין 1914 איז פעטער פאָליע אלט געווען דרײַסיק יאָר.

ער איז אוועק אף דער מילכאָמע ווייענדיק. אפמאָרגן האָט מען שוין ניט געוווסט ווו זײַן געביין איז אהינגעקומען.

די קליינע, טרויעריקע ווײַבל איז דעמלט ארויס אפן רעבזעהויף מיט אלע אירע קינדער און, גייענדיק פון טיר צו טיר, האָט זי אים זייער שיין באקלאָגט, אפילע מיט א ניגן. דערנאָך איז זי אוועק צום ראָוו האלטן זיך אן אייצע, צי זי מעג, הייסט עס, פאר אירע יעסוימים ארײַנעמען אין שטוב א נײַעם שפײַזער,

דער גרעסטער צאר, מיינט מען, איז טאקע געווען אף דער ווײַבל,

אין פינף יאָר ארום איז פעטער פאָליע אומגעריכט צוריקגעקומען פון עסטרײַך. באלד אפן שוועל האָט ער פארטרויט פאר זײַן ווײַבל, אז ער האָט געגעסן זשאבעס, און אז מער האָט ער ניט וואָס צו דערציילן. דאָס ווײַבל האָט זיך אויך ניט שטארק נאָכגעפרעגט.

דרײַ טעג איז ער געזעסן אין שטוב פארשפארט מיט דער טרויע־ריקער ווײַב, געבײַעט דאָס הארץ מיט הארטע, טונקעלע בלינעס, וואָס זי פלעגט אים אויסקערן גלײַך אפן טיש, און ער האָט אזוי ביסלעכווײַז אופגעשטעלט די רויִנירטע קויכעס.

דער פעטער פּאַליע האָט זיך געשטעלט צוריק ארבעטן אין דער אמאָליקער גארבעריַי. איצטער האָט זי שוין ניט געהערט צו מענדע דעם גארבער, נאָר צו עמיצן אן אנדערן, וואָס מען האָט אים אַ יע געזען, אַ ניט געזען.

פאר דער צייַט, וואָס ער האָט געראַמט די שטאַלן באַ ערגעץ אַ געשטופּלטער דייַטשקע אין טיראָל, איז דאָ פאָרגעקומען אַ רעוואָליוציע (אָ, ווען פעטער פּאַליע קען דערגיין דעם עמעסן טייַטש פון וואָרט!) און דער ארבעטער־קלאַס (ווען מען גיט עס אים צו פארשטיין, אַלעמיַ מען רעדט ארויס אָט די צוויי ווערטער צוזאַמען!) האָט פארכאַפּט די מאַכט. די בורזשואַזיע (דאָס אייגענע, וואָס גווירים) שטעלט ארויס אַ העפטיקן ווידערשטאַנד (דאַפקע יידישע ווערטער, אָבער קלעפּן זיך שטארק צו דער צונג). מאָדנע קומט אָבער אויס, וואָס די ר ע וו אָ ל י ו צ י ע שטאַמט פון דאָגיען און פון יענעם דאַרן גוייִשקן שפּיגל־פאַלשער, די ביידע, וואָס האָבן געהאַט אַ טעווע רוקן אַלעמען אין די קעשענעס שירהאַמיַ־לעסלעך, פאר וועלכע מען פארזעצט אין קוטשעמענט.

ער, פּאַליע, האָט זיך קיינמאָל ניט געמישט, ער האָט זיי איבדערערד. איצטער איז שוין אָבער טשיקאַווע צו וויסן, וואָס דערפון וועט ארויס־קומען:

— דער ארבעטער־קלאַס איז דיר ניט מענדע!

און פעטער פּאַליע האָט זיך דערווייַל גענומען צוריק צו דער זאַכילע.

*

אנומלטן איז צו זיי אפן זאַוואָד געקומען עפּעס אַ וויכטיקער כאַ־ווער אָפּנעמען אַ קעסל, וואָס האָט זיך ארו געוואַלגערט אין הויף פון זאַוואָד, פאר אַן אנדער פאַבריק. די גארבעריַי האָט זיך דאַפקע אייַנ־געשטעלט פאר דעמדאָזיקן קעסל, ניט געוואָלט אָפּגעבן בעשומויפן, און דער קרומער טראַכים פון נאַווינקי, אַן אַלטער ארבעטער, האָט דעמלט אַ געשריי געטאָן:

— ווריאָשו! מיר זייַנען דער באַלעבאָס פון לאַנד!

ער האָט אָנגעוויזן אַף זיך און אַף דעם פארגליווערטן פעטער פּאַליען נעבן אים.

דער פעטער איז געוואָרן מעוווהעל, בייסמיטסע האָט ער זיך גע־חאָלט ארויסדרייען פון גאנצענעם איניען:

— ניע, טאָווארישט, יא ניע כאזיאין, אָ, ניע!—האָט ער געטײַנעט.

נאָכדעם איז ער אָבער געגאנגען אהיים פאמעלעך, פוסטריט, מיט א שמייכל אפן גראָבן וואָנק, און בא אים אין קאָפּ האָט זיך עפּעס געקוג־לופעט, ווי א ווערעמל אין א גריבל.

דעמלט האָט ער זיך אין שטוב ניט געכאפּט באלד צום עסן, ווי גע־ווייטלעך, ער איז ארומגעגאנגען איבער די דרײַ טונקעלע צימערלעך, געריבן זיך די בערשטלדיקע מאָרדע, און נאכער האָט ער זיך פּלוצלונג א ווענד געטאָן צו דער ווײַב:

— גיי אראָפּ אין הויף און גיב איבער, אז פאָליע איז שוין גע־וואָרן א באָלשעוויק.

די טרויעריקע ייִדענע האָט געשוויגן, ווי אלעמאָל, און איז אראָפּ געהאָרכזאם אויספילן די שליכעס פון מאן.

פעטער פאָליע איז געבליבן ווארטן באם טיר. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט ער דערפילט א גײַסטיקע אומרויִקײַט, עפּעס א מין איי־דעלע שיקרעס, וואָס שלאָגט ניט פון מאָגן, נאָר פון הארצן.

דאָס ווײַבל (מע רופט זי כיענע אָדער העניע—פארהערט איר נאָך מען) האָט עס געמאכט אונטן בעקיצער, ארײַן אהער, אהין, אבי אָפּגע־זאָגט. און אז זי איז שפּעטער ארופגעקומען, האָט ער זי באלד אף די טרעפּ באגעגנט.

— נו וואָס?

— דערציילט,—האָט זי געזאָגט.

— איז וואָס זשע האָבן זיי געענטפערט?

— זיי האָבן געלאכט,—האָט זי געזאָגט טרויעריק.

פעטער פאָליע האָט א זיפץ געטאָן, שטיל און פארזאָרגט ארײַן צו־ריק אין שטוב און איז שווארץ געוואָרן ווי קויל.

זופנדיק נאָכדעם פון דער גרויסער שיסל, האָט ער געטראכט, אז מיט זעלמעניאנער טאָר מען ניט האָבן קיין מאגעומאסע, און דעריקער דארף מען זיך ארײַנעמען אין זינען, אז די שפּעטערדיקע יונגע ווערעם זײַנען נאָך ערגער פון דעם אלטן דאָר.

ער האָט פײַנט געהאט די זעלמעניאנער אין וואָרצל.

# 5

## עלעקטרע.

בערע האָט זיך באַוויזן אין הויף. פֿון הימל האָט זיך אויסגעגאָסן דעמלט אביסל וואַרעמער, ניטווינטערדיקער שײַן, א שפּריץ געטאָן איבער די דובלט־פֿענצטער מיט אומגעריכטער ווערסנע. אף דעם שוואַרצן שטעגעלע, וואָס האָט זיך געצויגן איבערן הויף, איז געגאַנגען בערע מיט פֿאַמעלעכע טריט, נאָך אים—עפּעס אַן אַרבעטער. מע האָט באַקוקט די דעכער, באַטאַפּט די ווענט, און אַלץ אַזוי געצויגן מיט די פֿינגער איבערן הימל.

אויב אַזוי, איז מען אין רעבזעהויף ווידער געוואָרן אומרויִק.

— א נײַע גזיירע!

— א טשיקאַווע זאַך צו וויסן, וואָס האָט ער שוין ווידער פֿאַרטראַכט, דער טאַנעבאַרע?

די מומע מאַלקעלע האָט אײַנגעזען, אַז ס'ע פּאַסט דאַפֿקע איצטער אַרויסלייגן אפֿן טיש די העפֿטן און די ביכער.

נאָכדעם איז טאַקע בערע אַרײַן אויך אין די שטיבער, באַטראַכט די באַלקנס, די ווענט, און אַרויס.

בעכיין, האָט ער, הייסט עס, ניט געפֿונען פֿאַר נויטיק אַפּילע אַרויסריידן א וואָרט.

אינאָוונט האָט זיך פֿאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז בערע קלײַבט זיך עלעקטריפֿיצירן דעם הויף, ער וועט צונעמען די לאָמפּן און אַנשטאָט זיי גיט ער עלעקטרע.

טכילעס האָט מען ניט געוווסט, ווי אָנצונעמען די זאַך און ווי גרויס איז די שלעכטס: מאַנכע האָבן געמיינט, אַז ס'איז אַפּילע א טויווע פֿאַרן הויף. מע האָט עפּעס אַרופֿגעכאַפּט אף זיך צון געלאָפֿן צום פּע־

טער זישען הערן, וואָס זאָגט ער. דאָרטן האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז די גזיירע איז גרויס צוליב צוויי טײַמים:

1) ווייס מען ניט, ווי זיך צו באגיין מיט דעם, 2) איז די עלעקטרע ביכלאָל ניט פאר דעם געמיינעם מענטשן.

— עלעקטרע האָב איך האָלט בא לײַטן!—האָט א זאָג געטאָן פעטער יודע.

— איר הערט מײַן וואָרט, ער וועט אונדז נאָך ארײַנטרײַבן אין גרוב ארײַן!—פעטער זישע איז ארומגעגאנגען און גערעדט צו דער באָרד.

בלויז פעטער אימשע האָט געפינטלט מיט די אויגן און זיך געכי־דעשט:

— כ'פארשטיי ניט, טאָפּקאָלסאָף, וואָסי דאָרטן אזוי? אין בעסמעד־רעש איז דאָך אויך פאראן עלעקטרע?

דעמלט איז פעטער זישע געבליבן שטיין ווי א צוגעקאָוועטער:

— וואָס זאָגט איר צו דעם נײַעם כאָכעם,—האָט ער זיך א קער געטאָן צו די ווייבער,—נו, און אז אין בעסמעדרעש איז פאראן א בימע, איז דאָ אויך פאראן א בימע?

שלעכט האָט זיך אָפּגערופן די זאך אף דער באָבען. לעכאטכילע האָט זי פארשטאנען, אז בערע קלײַבט זיך גראָבן א ברונעם אין הויף האָט זי געשוויגן, און זיך דערמאָנט מיט קלעמעניש אָן רעב זעלמעלען וואָס האָט שטענדיק געכאָלעמט וועגן אן אייגענעם ברונעם. עס איז אים אָבער, קענטיק, ניט באשערט געווען; ער האָט אָפּגעטרונקען א גאנץ לעבן פרעמדן וואסער, געשטאָרבן און זײַן כאָלעם איז ניט מעקוייעם געוואָרן.

נאָכדעם, אז זי האָט זיך פאָרט געכאפט מעקוייעך וואָס עס רעדט זיך, איז זי בלייך געוואָרן, און קוים וואָס זי האָט ארויסגערעדט, אָבער גאָר מײַסע מענטש:

— זײַט וויסן,—האָט זי געזאָגט,—אז קאָלזמאן איך לעב, וועל איך ניט לאָזן האקן קיין ווענט!

*

באנאכט זײַנען די אלטע זעלמעניאנער געשטאנען אין פינצטערן הויף און ארויסגעקוקט אף בערען. דער הימל איז אין יענער נאכט צונויפגעשטעלט געוואָרן בלויז פון דריבנע שטערנדלעך. מע איז גע־

שטאנען אײַנגעוויקלט אין די פאטשיילעס, אָנגערוקט אין די קאָלנערס און געהעשעט. שפּעט־שפּעט, ארום האלבער נאכט, האָט זיך באוויזן בערע פון גאס, האָט מען אים ארומגענומען פון אלע זײַטן, צוגעשטא־נען און אָנגעהויבן טײַנען:

— הער, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אף אונדז, וואלד־גאזלען?

— לאָז אונדז שוין אָפּלעבן די יאָרן בא די אלטע לאָמפּן!

— אז מיר זײַנען דיר מויכל די עלעקטרע!

— גענוג צו מאטערן, ברודערקע, דעם אָרעמען קוסטאר!

בערע איז געשטאנען צווישן זיי מיט א הארטן דעמבענעם האלדז און געשוויגן. אפן הימל איז געלעגן די לעוואָנע, מיט א קילן שײַן האָט זי באלויכטן בערעס א באק און די קוסטארישע פּלייצעס פון די זעלמעניאנער.

*

אינדערפרי האָט אן ארבעטער אָנגעקלאפּט צו פעטער איטשען, גע־בעטן א לייטער. עס האָט זיך שוין, אפּאָנעם, אָנגעהויבן. אין מיטן הויף זײַנען געלעגן אָנגעוואלגערט מאכשירים און בינטלעך דראָט. די אר־בעטער זײַנען זיך באגאנגען מיט דעם זעלמעניאנישן הויף אָן קײַן שום ראכמאָנעס.

די זעלמעניאנער גופע זײַנען ארומגעגאנגען שטיל און מאט, ווי ס'וואָלט געלעגן אין הויף א כוילע מעסוקן.

מע האָט געקוקט מיט ווייכע אויגן.

פעטער זישע האָט זיך אוועקגעזעצט באם זייגערמאכערישן טישל און ניט באוויליקט ארויסצוגיין. געמיינט האָט ער, אז דערמיט טוט ער עמעצן אין ביין. דערפאר האָט זיך אָבער פעטער איטשע ארומגעדרייט אומעטום, ווו מען דארף און ווו מען דארף ניט, אז די ארבעטער האָבן געמוזט שרײַען צו אים פון די לייטערס אראָפּ.

ארום רעבזעהויף האָבן זיך געקליבן אלטע ייִדן, באטראכט די זאך, ארומגערעדט ברייט דעם אופטו פון עלעקטרע. ייִדן האָבן געזען, אז מע פארדראָטעוועט אומזיסט און אומנישט א הויף, האָבן זיי אײַנגעפּר־נען אין דעם א פינגער פון נעגישעס. רעדלעך זײַנען געשטאנען א גאנצן טאָג.

אינאָוונט האָט א ייִד מיט א קאָטיקענעם כייפעץ אפן קאָפּ, וואָס איז געווען ענלעך צו א היטל, דערקלערט פאר א רעדל מענטשן אי די

מײַלעס, אי דעם סײכל פון עלעקטרע, אָבער אזוי טיף, אז קײן לעבע־דיקער מענטש האָט נים פארשטאנען.

ער האָט ניט געהאַט, קענטיק, דעם קויעך פון האסבאָרע.

מיטאמאָל איז פונערגעץ אויסגעוואָקסן דער פעטער יודע, און מאכמעס ער איז געווען א פילאָסאָף פון גאָט, האָט ער גענומען פון הינטן ארום אויסטײַטשן פאר דעם רעדל מענטשן דעם סאָד פון עלעקטרע.

— נארישע ייִדן, וואָס פארשטײט איר דאָ ניט?—איר האָט געזען דעם מויער מיטן קוימען באם ברעג טײַך, געזען? אָטאָ דער מויער פּאָמ־פּעט אין זיך ארײַן וואסער, קאָכט עס איבער אף עלעקטרע, און שיקט עס פאנאנדער נאָכדעם איבער די דראָטן.

די ייִדן האָבן ניט פארשטאנען.

— נארעשע ייִדן, וואָס פארשטײט איר דאָ ניט?—פעטער יודע האָט זיך שוין געהיצט,—אז סע קאָכט א טאָפּ אפן פײַער, גײט א פּארע, צי ניט?

— סע גײט.

— און וואָס איז אזוינס פּארע, ווײסט איר? דאָס איז באלד רויך, און רויך איז שוין באלד פײַער.

— וועט איר טאקע באלד האָבן דערפון עלעקטרע!—האָט זיך ארײַנ־געמישט דער ייִד מיט דעם קאָטיקענעם כײפּעץ אפן קאָפּ.

דעמלט האָט דער פעטער יודע א קוק געטאָן אפן רעדל פון אהינ־טער די שפּאקולן, פארלײגט די הענט אפהינטן און איז אוועקגעגאנ־גען. ער איז אוועק, ווײַל ער האָט בעטעווע פײַנט געהאַט צו שפּארן זיך מיט ווילדע ברויִם.

*

אין א פּאָר טעג ארום, אָוונטצײַט, האָט זיך אָנגעכאַפּט די עלעקטרע. עס האָט א פלײץ געטאָן א דינער, פרעמדער שײַן איבער די שטיבער, ארויסגעריסן זיך מיטאמאָל אדורך די פענצטער אין הויף ארויס, אז מע איז געבליבן זיצן שטאר און מעווההעל.

טויזנטער קורצע שאָטנס, וואָס האָבן דוירעס לאנג זיך געפּאָרעט ארום די ווענט, זײַנען פלוצלונג אויסגעקערט געוואָרן, ווי מיט א בעזים, און פארשווונדן. די שטיבער זײַנען געראמער געוואָרן און פרײַער.

אָ, עס איז ווײַט ניט קײן קלײניקײַט נעמען א׳יצטער אף די עלטערע יאָרן און צוגעוווינען זיך צו נײַע עלעקטרע־שאָטנס, לאנגע אזוינע און שיטערע, וואָס קריכן אף די ווענט.

דעם פעטער איטשעס שאָטן, לעמאָשל, איז א גאַנץ ווינטער געלעגן מיט די פיס צום מאשין און מיטן קאָפּ אפן פריפעטשיק, איצטער איז דער אויוון געוואָרן נײַ און ווייס, ווי אָפּגעקאַלכט, און דער שאָטן איז ביכלאל נעלעם געוואָרן. עס איז געווען עפּעס א מין מאָדנער הארצווייטיק. פעטער איטשע האָט פּאָרזיכטיק ארומגעזוכט דעם שאָטן זײַנעם, געזוכט פּאוואָלינקעס, און קוים, וואָס ער האָט אים דערטאַפּט, א פארוואָרלאָזטן און א פארטײַעטן, ערגעץ אונטערן טאפּטשאַן.

די מומע מאלקעלע פון איר זײַט איז לאַנג געשטאַנען אינמיטן שטוב, פארלייגט די הענט אפן הארצן און פארטראַכט אף די קאלטע פעדעמלעך פון לעמפל. שפּעטער צו האָט זי א זאָג געטאָן מיט א זיפץ:

— צו דער עלעקטרע וואָלט ניט געשאַט זײַן אף א פּאָר יאָר ייִנגער!

פעטער איטשע האָט ניט געענטפערט. ער איז נאָך אלץ געווען פארטאָן מיט די שאָטנס. פעטער איטשע האָט געדרוקט די מאשין, איבערגעשטעלט די בענקלעך, פלוצלונג האָט ער גענומען דעם לאָמפּ, אוועקגעשטעלט אים אפן קאָמאָד און צוגעדעקט מיט א פּאפּיר. וואָס איז דאָ צו ריידן, ער איז געווען צעכושט! מיטאמאָל האָט ער א כאַפּ געטאָן דעם רעקל און איז ארויסגעלאָפן אין הויף. דאָרט האָט זיך געטאָן ליכט. די זעלמעניאַנער — אלע האָבן זיך געפונען אין די שטיבער, איז ער דעמלט ווי א גינציקער זון ארײַנגעלאָפן צו דער באָבען, און טאקע צו דער צײַט, ווײַל די באָבע באשען האָט די עלעקטרע געטראָפן, ווי א דונער. זי איז געזעסן ווינטערדיק אָנגעפּעלצט און פארקניפּלט, געקוקט מיט לויזע אויגעלעך אפן לעמפל, און אז זי האָט דערזען א לעבעדיקן מענטשן, האָט זי געזאָגט:

— דאָ האָב איך שוין ניט וואָס צו טאָן, איכ׳ל שוין בעסער גיין צום טאטן דײַנעם...

פעטער איטשע איז בייסמײַסטע אזוי צעטומלט געוואָרן, אז ער האָט זי גענומען אָפּריידן:

— וווהין וועסטו גיין אינדערפינצטער?...

מען מוז מודע זײַן: פון דעמלט אָן איז שוין די באָבע באשע ווײַט ניט קיין היגע, און, ווער ווייס, עפּשער זײַנען גערעכט די אלע, וואָס טײַנען, אז זי האָט אביסל פארשפּעטיקט מיטן שטארבן.

*

אַן אַנדער מענטש איז געווען דער פעטער יודע. ער איז געווען אַ פֿילאָסאָף און אַן אַלמען. פעטער יודע האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער באַמערקט ניט, קלוימערשט, ווי ס'איז ליכטיק געוואָרן אין די שטיבער. געווען אַ כיטרער ייִד. די עלעקטרע האָט געברענט, און ער האָט זיך געפּאָרעט באַם וואַרשטאַט. פאַרענדיקט די אַרבעט, האָט ער דאַפּקע אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און צוגעזעצט זיך אַרײַנקוקן אין אַ סייפער. דערבײַ האָט ער שטאַרק געהויבן די שפּאַקולן איבערן נאָז, וואָס עס האָט געזאָלט באַטײַטן, אַז ס'איז אים עפּעס גראָד הײַנט טונקל צווישן די שורעס.

נישקאָשע, דעם פעטער יודע וועט מען ניט אָנהענגען קיין עלעקטרע ביגוואַלד!

כײַעלע פעטער יודעס האָט געקוקט פונעם קאַמער אַף דעמדאָזיקן ספּעקטאַקל, געכידעשט זיך, וואָס דער טאַטע האָט פלוצלונג געקראָגן אַ באַדערפעניש אַרײַנצוקוקן אין אַ סייפער. עס האָט אין איר געקאָכט אַ קאַעס. פעטער יודע אָבער איז געזעסן קאַלטבלוטיק רויִק, געמאַכט מאָדנע האַווײַעס, פונקט דער מענטש האָט פאַרגעסן די וועלט און איז שוין דורכויס פאַרטאָן אין גײַסטיקע זאַכן.

דעמלט האָט זי ניט אויסגעהאַלטן, זי איז אַרויסגעלאָפן אַ מעטורעפע פון קאַמער און אַ בלאָז געטאָן אין לאָמפּ אַרײַן:

— מעשוגענער ייִד, דו זעסט ניט, אַז סע ברענט עלעקטרע?

פעטער יודע האָט גאַנץ קאַלטלעך פאַרמאַכט דעם סייפער, אוועקגעלייגט אים אַפן קאַמאָד און איז זיך אוועק שפּאַצירן איבערן שטוב, צוזינגענדיק אַ ניגנדל, אַ כסידיש ניגנדל.

*

אַזוי איז דורכגעגאַנגען די עלעקטרישע רעוואָליוציע.

דער הויף האָט פאַרלאָרן, אונטער די פאַרשיידענע ווײַסע שײַנען פון די קאָלערלײַ פענצטער, דעם געוויינטלעכן באַנאַכטיקן פּאַנעם. אין די טונקעלע ווײַטע הויף־ווינקלען האָבן געלויכטן בלויע טיכער שניי. די עלעקטרע האָט מיט שיטערע פינגער אַרומגעכאַפּט די ווענט, גענישטערט אין די שטילסטע באַהעלטענישן, דערקראָכן אַפילע אַהין, ווו שטומע ליע־

כער האָבן לאנגע יאָרן געעטעמט אינדערפינצטער און ניט געוווסט פון שײַן אפילע באמאָג.

*

פעטער איטשע איז ארויס פון שטוב, ארומגעקוקט זיך צי קיינער באמערקט ניט, נאָכדעם איז ער פארבײַגעגאנגען ערגעץ א שטילן אָרט, צווישן דעם פעטער יודעס שטוב און דעם שטאל. אמאל איז דאָרטן געווען שטארק פינצטער. איצט האָט ער, פארבײַגייענדיק, דערזען, אז ס'איז פארשוווּנדן נאָך א באקוועמלעכקײַט פון זײַן לעבן: דאָרטן האָט געלויכטן, ווי אינמיטן טאָג. ער האָט זיך אוועקגעדרייט א דערצאָרנטער איבערן הויף, בייז אף דער וועלט און אף די נײַע פאראָנדקעס.

מוטנע וועסנע־דישקעלעך זײַנען געקראָכן פון אונטערן אײַז, געפלייצט בארג אראָפּ אין גאס ארײַן מיט א קילער קלינגערײַ. שטייענדיק אין שאָטן, האָט ער, פעטער איטשע, באמערקט, ווי פעטער זישע איז אויך ארויס פון שטוב, און נעבן שטאל האָט, דאכט זיך, נאָך עמיצער — א דריטער — געהוסט.

עס איז געווען א שטילע נאכט, אף אזוי שטיל, אז מע האָט געקענט הערן די עלעקטרישע שאָרכן אפן ברוק. די שטארקע ליכטפאסן זײַנען געלעגן אין דער פעטער פינצטערניש, ווי כאלאָפּים אין א שווארצער שייד.

דרײַ זעלמעניאנער האָבן ארומגעבלאָנקעט איבערן הויף, אויסגעמיטן צו טרעטן איבער די עלעקטרישע שנורן, וואָס זײַנען געלעגן איבער דער ערד, ווי פרישע באנדאזשן ארום רעב זעלמעלעס יערושע. די דרײַ זעלמעניאנער האָבן געשנײַצט די נעז פון רוגזע און געכאפּט פון צײַט צו צײַט אונטערה־ירזשען מיט יענעם איידעלן הירזשעע, וואָס איז אייגנטימלעך בלויז פאר אָט דער מישפּאָכע.

זיי האָבן זיך באגעגנט נעבן רעב זישעס גאנעק, געשטאנען לאנג איינע קעגן די אנדערע, געגלעט די בערד און געשוויגן.

— א וועלט, הא? — האָט סאָפּקאָלסאָף ניט אויסגעהאלטן פעטער איטשע.

פעטער יודע האָט אף אים רוגזעדיק א קוק געטאָן אינדערפינצטער, פון אונטער די שפּאקולן, און געענטפערט:

— איז שוין ניט גלײַכער, אז מען ליגט אינדערערד?

דאָס האָט ער געמיינט די מומע העסיען, וואָס איז שוין בעעמעס געלעגן אינדרערד.

בלויז פעטער זישע איז געשטאנען רויק, געצויגן א האָר פון באָרד, און אפילע איצטער האָט ער אומעטיק געשמייכלט:

— לייטישע קינדער!

פונקט דעמלט האָט זיך פעטער פאָליע אראָפגעכאפט פון בעט אין הוילע טאכטוינים, ויסגעטרונקען דריי קענדלעך וואסער און אוועק צור־דיק שלאָפן.

---

# 6

## ווײַטער וועגן עלעקטרע.

די עלעקטרע האָט געזיגט. ווען רעב זעלמעלע קריגט א מעגלעכקײַט קומען צוריק אהיים, וואָלט ער דורכגעגאנגען פארבײַ און אוועק ווײַטער, וואָרעם ער וואָלט זיכער געמיינט, אז דאָ ווױנט „נאטשאלסטווע". די שמאָלע, לאנגע שטיבער גיסן זיך אָן יעדן אָוונט מיט דעם קאלטן פײַערל און בלײַבן ליגן אינדערפינצטער, מיט די קרענקלעך גאָלדענע פענצטערלעך, ווי כאלאָים, וואָס שעפּן לופט דורך א טרײַבל.

עס זײַנען ארומגעגאנגען קלאנגען, אז אין פּאָרשטאָט שיקט מען אָפּ די ערגערע עלעקטרע, אָט דאָס, וואָס בלײַבט איבער אָפּן דעק פון קעסל. די יעדיע האָט מוירעדיק אופגעבראכט די זעלמעניאנער, און אויב עס איז עמעס, זײַנען זיי געווען גערעכט אויכעט, וואָרעם ס'איז דאָך אזוי — גיסטו עלעקטרע, טאָ גיב גוטע! עס איז שוין אפילע געבליבן א העסקעם, אז די מומע מאלקעלע זאָל זיך אראָפּכאפּן צו בערען און אָנווײַזן אים אף דער קריוודע, וואָס מע באגייט לעגאבע די זעלמעניאנער. זי האָט זיך אָבער דאָס מאָל אײַנגעשפּארט און בעשומויפן ניט געוואָלט אויספילן די שליכעס, קימאט ווי צוליב אומפארשטענדלעכע טײַמים.

זי האָט געטײַנעט:

— אלעמײַ דארף איך עס אלעמאָל זײַן דאָס קאפּאָרע־הינדל?

*

עס האָט זיך אָנגעהויבן דעמלט, ווי א מין עלעקטרישע קאדאָכעס. די יונגע זעלמעניאנער, פארכאפּט פון בערעס אופטו, האָבן געצויגן צו זיך אין די צימערן „איליטשעס לעמפּלעך". מע איז ארומגעקראָכן אַרבער די פײַכטע ווענט, איבער די דעכער, געוויקלט דראָטן, געהאמערט

פונקט, לעהאוודל, אמאָל ערעוו סוקעס. עס האָט זיך עלעקטריפיצירט דער הויף ביז צו די פונדאמענטן. יעדער זעלמעניאנער איז געלאָפן מיט א האמער אין האנט, מיט שרויפן אין די קעשענעס, מיט שטיקלעך דראָט, און פאלקע דעם פעטער איטשעס האָט איטלעכן געלערנט די זאך, וואָס ער האָט צו טאָן. די עלעקטרע האָט שוין אפילע געשפריצט פון די אויגן.

אין די שווארצוועסנעדיקע, פאַרשטאָטישע נעכט, בייס די קעראָסין־שטיבער האָבן זיך געוויקט אין די ערשטע פריילינגדיקע געוויטערן, האָט פלוצלונג דער רעבזעהויף ארויסגעלויכטן, ווי א וואָקזאַל.

שכיינים האָבן זיך א לאָז געטאָן צו די פענצטער מיט גרויסע אויגן און געוואונדערט זיך:

— זעט, קרוינדעלעך, צו וואָס סארא געדולע מענטשן קענען עס דערלאנגען!

*

דער אלטער מויער איז געשטאנען פול אָנגעגאָסן מיט עלעקטרע. נישט קיין וואונדער. אין אים האָט געמייסטרעוועט א גרויסע קראפט, פאלקע דעם פעטער איטשעס אליין, וואָס וועגן אים זאָגט מען, אז מיט א שטיקל ברויט און מיט עלעקטרע איז ער בעקויעך אָפצולעבן א גאנץ לעבן.

פאלקע האָט געוווינט אין מויער, אין אַ באזונדער דירעלע, בעשותּפעס מיט צאלקע פעטער יודעס, און אין אָט דעם זכות איז דער מויער עלעקטריפיצירט געוואָרן פונויבן ביז אונטן מיט דער שענסטער עלעקטרע.

וועגן דידאָזיקע צוויי יונגע לייט לוינט זיך אָפצושטעלן אביסל געניער.

## פאלקע דעם פעטער איטשעס און צאלקע דעם פעטער יודעס.

ווער איז פאלקע דעם פעטער איטשעס? ער איז אַן ארבפאקאָוועץ די לאנגע כאזערהאָר קריכן בא אים ארויס פון אונטערן היטל. א ווויליער יאט. ער האָט געגעבן פון זיך צו וויסן אין קימפעט נאָך. אף דער וועלט איז ער ארויס מיט א געשריי. צו א האלב יאָר האָט ער זיך אָנגעשריען א פופיק. צו פינף יאָר האָט אים א סאמאָוואר אָפגעבריט. צו

דרײַצן יאָר האָט מען אים צעשפּאָלטן א ליפּ. טאָג און נאכט לויפט ער ארום אין בערעס אין אלטער אָפּגעטראָגענער קורטקע, מיט א ביכל אונ־טערן אָרעם, און שלינגט די וועלט. ער איז פארהאַוועט פאר אלע זעל־מעניאַנער אײנײנעם. אין שטוב האָט ער א קעסטל מיט אײַזנס, האַ־מערס, שרויפן, דלאָטעס. ער פאריכט אליין שיך. ער ברוקירט אליין דעם הויף. ער שטעלט אליין אַרײַן שויבן. ער דעקט אליין דעם דאך. איצט האָט ער גענומען טראָגן אין שטוב האלבע, צעבראָכענע ביר־פלעשלעך, וואָס ער גיסט זיי אָן מיט עפּעס א בלויען וואסערל און ווייקט אין דעם שטיקלעך קופּער, קוילן, אײַזנס.

און ווער איז צאלקע דעם פעטער יודעס?

צאלקע דעם פעטער יודעס איז א געבילדעטער, פארקוקט אין די ביכלעך, ער טראָגט א טשופּרינע פארקאמט אף א זײַט, ווי א גראָבע פייע, מיט ברילן אפן נאָז.

בײַס צאלקע גייט אמאָל ארויס פון טאָנקען, פרעגט אומרויִק דער פעטער זישע:

— וואָס האָט דאָ געטאָן בא דיך אָט דער?

קיין נאָמען, אלזאָ, ווייס ער ניט.

דער פעטער זישע וויל זיך בעשומויפן ניט מעשאדעך זײַן מיט די זעלמעניאַנער.

(א זעלמעניאַנער האָט פײַנט א זעלמעניאַנער).

— גענוג פאר מיר,—זאָגט ער,—וואָס מײַן גיטע איז ארײַנגעפאלן צו אָט די גראָבע פליגלען!

צאלקע האָט נאָך דערצו די מיִעסע מידע, וואָס ער נעמט זיך פון צײַט צו צײַט דאָס לעבן. אלע שפּאלטן זיך דעם קאָפּ, פונוואנען קומט עס צו אים, וואָרעם זעלמעניאַנער לעבן צו הונדערט יאָר און מער. רעב זעלמעלע האָט זיך א לענגערע צײַט ארומגעדרייט אָן ארבעט און איז פונדעסטוועגן נאָך אלץ ניט געשטאָרבן.

ווייס מען טאקע ניט, פונוואנען דאָס קומט צו אים.

*

דאָס דירעלע, ווו זיי וווינען, האָט צוויי נאקעטע פּוסטע צימערן אין פאָדערשטן צימער הענגען א פּאָר קאָרטענע הויזן אפן וואנט—דאָ ווינט פאלקע. אין צווייטן צימער איז שוין דאָ א טישל, אן עטאזשער־

קע מיט ביכער, אפילע א טשײַניק און אפילע א נאכט־טעפל — דאָ װוינט צאלקע.

ארום דעמדאָזיקן נאכט־טעפל איז, אגעװ, אמאָל אין מיטן נאכט פאָרגעקומען א שארפע מאכלױקעס, און דעריבער לױנט זיך שױן אױך אפן נאכט־טעפל אָפּצושטעלן גענױער.

ס'איז געװען א לעװאָנע־נאכט. צאלקע האָט אין טיפן שלאָף דערהערט, װי עמיצער באנוצט זיך מיט זײַן אײגנטום. ער איז א דערשראָקענער אראָפּגעשפּרונגען פון בעט און דערזען, װי אין קילן שײַן פון צימער שטײט פאלקע אין די אונטערװעש, איז ער צו אים צוגעלאָפן און מיט א פארשטיקט קאָל אױסגעשריִען:

— פּיטעקאנטראָפּוס!

דאָס האָט געדארפט באטײַטן, אז פאלקע שטעלט מיט זיך פאָר א פארצײַטיקע מאלפּע, װעלכע האָט נאָך ניט אין זיך קײנע שפּורן פון קולטור. פאלקע האָט זיך אָבער ניט פארלאָרן און מיט גאָר די שפּײַעכץ אין מױל האָט ער א געשרײ געטאָן אף צוריק:

— קלײנבירגער!

און דאָס האָט שױן באטײַט, אז צאלקע לעבט נאָך גאנץ שטארק מיט די האסאָגעס פון קלײנבירגערטום.

דער סיכסעך איז אפּמאָרגן ליקװידירט געװאָרן. צאלקע איז אין באטור גאָר ניט געװען אזא שלעכטער. די קריגערײַ אינמיטן נאכט איז פאָרגעקומען רײן אױס היגיענישע טײַמים.

ביכלאל האָבן זײ צװישן זיך קײן באזונדערע אינטערעסן ניט געהאט

צאלקע פלעגט אמאָל מיטברענגען באנאכט „א קאװו־האיאָשער“, ארײַנגאנװענען זיך אין צימער שטילערהײט און הונגעריק, מיט א מאָדנעם פײַערל אין די אױגן, אָפּזיצן אזױ איבער דעם צעקנאָדערטן סײפערל ביז באגינען. ער האָט געטאפּט די גרינלעכע דיקע בלעטער, געקליבן נאכעס פון אױסיעס, װערטער, פאסיקלעך, װאָס איז גאָר ניט צוטריטלעך פאר אן אײנפאכן מענטשן.

דעמלט איז זיך פאלקע געלעגן אין צװײטן צימער צעשלײַדערט איבערן בעט, די קאָלדרע אראָפּגערוקט, און מיט דעם שטענדיק פארלײגטן נאָז צוגעפּײַפט ניגונים צו זײַנע כאלױמעס, װי אזױ ער דעקט דעכער אין לענינגראד, װי אזױ ער ציט עלעקטרע איבערן דניעפּער.

פאלקע פלעגט אמאָל שרײַען פון שלאָף אױכעט.

*

די פּאָר פילאָסאָפן האָט מען געבעטן מעכילע אָפּראַמען די דירע, וואָס זיי פאַרנעמען אומזיסט־אומנישט, ווײַל איצטער דאַרף כּײַעלע האָבן אַן אָרט, ווו צו פאַרלייגן א נײַעם דאָר זעלמעניאַנער. כּײַעלע האָט שוין אַפילע אײַנגעקויפט צו דעמדאָזיקן צוועק א בעט, א סאַמאָ־וואַר און א באַרשט אַף וואַשן די פּאָדלאָגעס. פאַר זיי, פאַר די יונגע לײַט, האָט מען אָפּגעגעבן כּײַעלעס צימער, אונטן, בא דעם פעטער יודען אין שטוב.

פאַלקע האָט צונויפגענומען די האַלבע ביר־פלעשלעך, די שרויפן, די הויזן און זיך איבערגעקרויזשקעט. דערנאָך האָט ער שוין אויך אַראָפּ־געטראָגן צאַלקעס עטאַזשערקע ביכער.

באַם פעטער יודען אין שטוב האָבן זיי זיך געפילט אין אָנהויב, אַביסל געקלעמט.

פעטער יודע, אַז ער בלײַבט אַמאָל שטיין אינמיטן שטוב מיטן דעם הובל אין האַנט און וואַרפט אַרויס צו עמיצן די הייסע אויגעלעך אַרי־בער די שפּאַקולן, ווערט יענעם קילבלעך אַף דער נעשאָמע.

פעטער יודעס בליק באַטײַט אַזוי צו זאָגן:

— דו שלימאַזל, ווי לאַנג וועסטו פוסטעפּאַסעווען?

אָדער:

— גוילעם! דו מיינסט, איך ווייס ניט, אַז דו ביסט א גוילעם?

האָבן זיי געפּירט שטאַט, און קעדיי אויסמײַדן זײַנע ביסטרע בליקן— געקוקט פאַזע. אַנומלטן, פאַרנאַכט, באַם אויפדרייען די עלעקטרע, האָט זיך בא פאַלקען באַוויזן א פרײַע מינע, איז עס פעטער יודען גרײַלעך ניט געפעלן געוואָרן, ער איז צוגעגאַנגען צום טיר פון קאַמער און אַרײַנגעזאָגט:

— און איר מיינט טאַקע, פערדן, אַז די עלעקטרע פּאַסט צום הויף?

*

וועגן פעטער פאָליען איז די זאַך אַזוי:

ער האָט טכילעס געמיינט, אַז די עלעקטרע אין רעבזעהויף האָבן אַרײַנגעפירט די באָלשעוויקעס, איז ער געווען צופרידן, וואָס מע האָט זיך ענדלעך גענומען צו די זעלמעניאַנישע יאָרן. עס איז קלאָר, אַז עלעקטרע איז א קאַזיאָנע זאַך, וואָרעם מע ציט עס אַראָפּ פון די פאַר־

צעלײַענע טעפּעלעך אױף די סלופּעס, פֿון אָט די טעפּעלעך, װאָס גיבן אָפּ עפּעס פֿון אַלעמאָל מיט מעלוכע־אָרדענונג.

פּעטער פּאַליע האָט אַרױסגעגעבן אַ פֿאַראָרדענונג, אַז װען ער גע־פֿינט זיך אױף דער אַרבעט, זאָל מען די עלעקטרע אין שטוב ניט ברע־נען; זײַן װײַב טאָר זיך ביכלאַל ניט געפֿינען אין די דאַלעדאַמעס פֿון עלעקטרע—ס׳איז ניט פֿאַר קײן װײַבערשן סייכל. בלױז מאָטעלע דער שװאַרצער מעג אַמאָל, בײַ דער אָנװעזנהײַט פֿון טאַטן, אַ דרײ טאָן דעם שטעפּסל, װײַל פּעטער פּאַליע האַלט מאָטעלען פֿאַר אַ געראָטענעם יינגל און האָט אים ליב.

בײַ דער אַרבעט האָט דער כיטרער פּאַליע אַ זאָג געטאָן צו טראָ־כים דעם קרומען:

— קום אַרײַן אַמאָל צו מיר, טראָכים, מיר װעלן אָנצינדן די עלעקטרע און אַביסל פֿאַרברענגען!

— הערסטו, װאָס זאָגסטו צו אים!—האָט זיך טראָכים פֿאַרװוּנדערט—װער האָט עס בײַ דיר אײַנגעפֿירט עלעקטרע?

— װאָס הײסט, װער? מע װײס װער—קאַזנאַ!

אין יענעם טאָג האָט מען דעם פּעטער פּאַליען אָפּן זאַװאָד פֿאַר־הױטשעט. ער איז אַװעק אַהײם פֿינצטער, װי די ערד. באַלד האָט ער גענומען דאָס װײַב אָפּן פֿאַרהער. עס האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז די עלעקטרע האָט אַרײַנגעפֿירט בערע, און שױן היפּשע װאָכן, װי כײַעלע פּעטער יודעס גײט אַרום מיט אַ טײַנע, אַלעמײַ די זעלמעניאַנער האָבן זי בעדילאַדאַל געשטעלט, אַלעמײַ איצט, ערשט נאָך דער כאַסענע, האָט זי שױן ניט פֿונװאַנען צו לעבן.

פּעטער פּאַליע האָט דעמלט אָפּגעגעסן װעטשערע פֿאַר אַ לאָמפּ.

עטלעכע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען שװײַגנדיק און געטראַכט אַמאָ־ליקע בײזע פּלענער. ער האָט אַרױסגעקוקט דורכן פֿענצטער אין הױף אַראָפּ און געטראַכט:

— ניט דערהאַרן װעלן די זעלמעניאַנער—פּאַליע זאָל דאַרפֿן צו זײ אָנקומען!

און די װאָנצן האָבן זיך בײַ אים געריִרט, װי בײַ אַן אױסגעהונ־גערטן קאָטער.

זונטיק, אינעם ערשטן פרילינגדיקן רו־טאָג, בייס די זעלמעניאנער זײַנען ארויס לעטנע איבערן הויף, האָט ער צוגעשטעלט א לייטער צו זײַן פענצטער אין מויער און גענומען שנײַדן די עלעקטרישע דראָטן. ער האָט געבראָכן די פארצעלײַענע איזאָליאטאָרס. די זעלמעניאנער האָבן אופגעהויבן א גרויס געיאָמער, האָבן אָבער מוירע געהאט פאר־טשעפּען זיך מיט דעם רעצייעך. פאלקע פעטער איטשעס איז דעמלט ארויסגעלאָפן מיט א רעוואָלווער גלײַך צו אים:

— ווערדיטעל, אראָפּ! איך שיס!

און ער האָט ניט געשאָסן, כאָטש פעטער פאָליע איז ניט אראָפּ.

— זע, דו וועסט בא מיר פארשווארצט ווערן אין די טורמעס! — האָט פעטער איטשע ארופגעשריִען צום לייטער.

ער, פעטער פאָליע, האָט זיך ניט אומגעקוקט, געזעסן אויבן מיט דער פלייצע צום הויף און קאלטבלוטיק ארויסגעזעצט די האקנס פון דער עלעקטרע. ער האָט זיך געקליבן אויסראָטן די זעלמעניאנישע טויווע ביזן גרונט. דאָ איז פעטער זישע פון שטוב ארויס, אָנגעקלאפּט אין שויב און צוגערופן א זעלמעניאנער. ער האָט צו אים אזוי געזאָגט:

— וואָס שווײַגט מען, זאָל מען ארויסלויפן נאָך בערען!

האָט מען לעיעסער־ביטאָכן בא אים איבערגעפרעגט נאָכאמאָל:

— און דאָס, וואָס סע וועט זיך אָנהויבן א באטאליע, איז גאָרנישט?

פעטער זישע האָט זיך, עמעס, אביסל פארטראכט, אָבער ער האָט געענטפערט, אז ס'איז גאָרנישט, און מען איז אוועקגעפלויגן נאָך בערען.

די ווײַבער האָבן זיך שטילערהײַט אוועקגעלאָזן איבערן הויף צונע־מען פון אונטערן האנט די אלע דרענגער און שטיינער — פאַרט, ווי מע זאָגט, אייגענע בלוט. מען איז אויך אראָפּגעלאָפן אף טשיקאוועס א קוק טאָן אין גאס, צי שכיינים, לעמאָשל, שטויסן זיך אמאָל ניט אָן, וואָס סע דארף דאָ באלד אזוינס פאסירן.

איין פעטער פאָליע איז פארבליבן קאלט צו דער זאך. ער האָט גע־קוקט ארום זיך מיט א וואסערדיקן בליק, פונקט צו אים איז דער איניען קלאָל ניט שײַעך. א זײַטיקער מענטש. און אז ער האָט ארויס־געריסן אלץ פון די ווענט, איז ער פאמעלעך אראָפּ, באטראכט נאָכדעם

פונונטן, צי ער האָט דורכגעפירט די ארבעט בישליימעס, און זיך געשטעלט גלייך מיט אלעמען ווארטן אף בערען.

— זאָל מען גיין זען,—האָט ער אָנגעזאָגט דורך דער ווײַב,—צי ער געפינט זיך ניט אין דער קיך נומער 9.

*

בערע האָט זיך באוויזן אין הויף מיט דעם הארטן קאָפּ פּאָרויס, געשטעלט האָט ער פאמעלעכע און ברייטע טריט, ווי ער וואָלט זיי געשלעפּט פון א זומפּ. אזא גאנג האָט מען נאָך בא אים קיינמאָל ניט געזען.

פעטער פּאָליע האָט, קענטיק, פארשטאנען, וואָס אזא היילעך באַ־טײַט, האָט ער אָפּגעשפּילעט דעם רעקל, ווי פארשלאָפענערהייט, און אראָפּגעוואָרפן אים נעבן זיך. ער איז רויִק געשטאנען נעבן מויער און געווארט. בערע איז געגאנגען א שטומער גלײַך אף אים, צוגעגאנגען ניט געײַלט, און עפּעס, ווי פון זיך אליין, האָבן זיך אײַנגעשפּארט די קעפּ אזוי, אז די רויטע קערק האָבן זיך ארויסגעדריקט, געפּרווט די קויכעס. מיטאמאָל האָבן א קנאק געטאָן די שטערנס.

— הערט אוף!—האָבן זיך פאנאנדערגעווייגט די ווײַבער,—הערט אוף!

אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. זיי זײַנען געשטאנען צונויפ־געשטשעמעט מיט די שארבנס, געכאפּט זיך פונונטן פאר די הענט מיט אזוינע כאפּן, וואָס האָבן ארויסגעדרייט די ביינער.

פעטער פּאָליע האָט פּלוצלונג א זיפץ געטאָן און ביידע האָבן זיך אוועקגעקײַקלט איבער דער ערד. קיין קלעפּ האָט מען נאָך אלץ ניט געזען, האגאם בא בערען האָט שוין געגומען רינען בלוט פון אן אויער. בערע איז געלעגן, ווי א בערוועגע, פונויבן, און געשטופּט אף אונטער זיך מיט די פויסטן, און דעריבער האָט קיינער ניט געקענט וויסן, וואָס ער האָט דאָרטן צעמאכט פונעם פעטער זײַנעם.

עס האָט גאנץ היפּש געדויערט. ביסלעכווײַז האָט זיך ארויסגערוקט דעם פעטער פּאָליעס פּלייצע און מע האָט דערזען, אז די גאנצע העמד זײַנע איז אין בלוט.

דעמלט האָט זיך בערע אופגעהויבן.

פעטער פּאָליע איז אופגעשטאנען מיט א צעריבענעם פּאָנעם, אײן אויג א פארלאָפענע, ווי א פויסט. ער איז צוגעגאנגען געלאסן צום

רעקל, ארופגעוואָרפן אים אף די אקסלען, און אויסגעצויגן נאָכדעם צו בערען א דראָענדיקן פינגער:

— קיין עלעקטרע, מאמזער, זאָלסטו בא מיר שוין מער ניט אײַנ־פירן!

און ער איז ארוף א צופרידענער צו זיך אין שטוב.

די מומע מאלקעלע איז באלד ארויסגעלאָפן מיט א בעזעם, אָפגעקערט דאָס אָרט, וווּ זעלמעניאנער האָבן זיך געגעריקט, און דערמיט האָט זיך דער איניען פארענדיקט.

---

# 7

## אָנהויב וועסנע.

דעמלט, אָנהויב וועסנע, האָט אין הויף געטראָפן א מײַסע.

סאָניע דעם פעטער זישעס פון פאָלקאָמפּין איז ארוף אפן הויף מיט עפּעס א גרויסן, א ברייטן מענטשן, וואָס האָט געשטעלט שווערע ווײַסרוסישע טריט, און וואָס איז נאָכדעם קוים ארײַן צום פעטער זישען אין דער נידעריקער טיר. ער האָט געזאָגט דעם ברייטן „דזען־דאָברי״ און באלד נאָכגעגאנגען סאָניען אין צווייטן צימער ארײַן.

פעטער זישע האָט דעמלט אויסגעטאָן די זייגערמאכערישע שפּאקטיוו, אויסגעקירעוועט זיך געלאָסן צו דער מומע גיטען און מיט רוגזועדיקער שטוינונג גענומען קוקן איר אין די אויגן ארײַן. די פארשפּילעטע מומע איז געזעסן באם פענצטער, די הענט אפן הארצן, און גראָד דורכגעמאכט איר נאָכמיטיק שווײַגנס. אזוי ארום, האָבן זיי דעמלט אף שטומלאָשן דורכגעשוויגן פאָלגנדיקן געשפּרעך.

פעטער זישע זאָגט אף שטומלאָשן לעפּיערעך אזוי:

— גיטע, דײַן טאָכטער געפעלט מיר ניט!

די מומע גיטע שווײַגט, אָבער פאר איר איז עס דאָס אייגענע, וואָס גערעדט.

זאָגט פעטער זישע ווײַטער:

— זײַ וויסן, מײַן ווײַב, אז שולדיק אין אלעמען ביסטו!

די מומע גיטע שווײַגט, אָבער פאר איר איז עס דאָס אייגענע, וואָס גערעדט.

דעמלט זאָגט פעטער זישע:

— זאָג מיר, ווי ווייס עס ניט א מאמע, וואָס עס טוט זיך בא איר אונטערן נאָז?

אזוי האָט ער זי אויסגעזידלט.

נאָכדעם איז פּעטער זישע ארויס אין הויף באקוקן די באַלעבאטיש־קײט: צי דארף מען ניט אַמאָל פארקיטעווען א שויב, דערהויפּט אין יענע פענצטער, וואָס גייען ארײַן צו סאָניען אין דער האַלבער שטוב. ער האָט מײַסע באַלעבאָס באטאפּט די לאָדנס, ארומגעקוקט גרײַלעך פארזאָרגט די פענצטער און אויסגעפונען, אז דער ברייטער גאסט איז טאקע גאנץ ווײַטלעך פון א ייִדן.

סאָניע האָט זיך אביסל פארשעמט פאר דעם טאטנס אופירעכץ, נאָר מען איז שוין, קענטלעך, געווען אייגענע מענטשן, האָט מען זיך שטי־לערהייט אונטערגעכאָכמעט וועגן די זײַטן פון דעם קליינבירגער, וואָס זײַן נײַגעריקייט איז איין־לעשײַער.

דער פעטער איז שוין דעמלט צוריק געזעסן מיט דער גרויסער שפּאקטיוו און ארײַנגערוקט דאָס אויג אין די געדערים פון א פאר־שטויבטן זייגער, געבלאָזן בלויז מיט דער נאָז, שטום און פארביטערט אף דער גאנצער וועלט.

*

דער הויף וויים ניט פון קיין סוידעס. די מומע מאלקעלע האָט פאר־בויגן א פינגער אין מויל, פארקוועטשט אן אויג און די צווייטע אויס־געגלאָצט צו פעטער איטשען, האָט ער באלד אופגעהערט זעצן אף דער ניי־מאשין; עס איז אים אײַנגעפאלן, אז צאלקע האָט זיך, ראַבמאָנע־ליצלאן, אָנגעטאָן א מיסע, האגאם ער, פעטער איטשע, לויערט שוין פון לאנג אף זײַן יעטווידער טראָט.

פעטער איטשע איז ארויס אין הויף.

זעלמעניאנישע שניר, שוין מיט נײַע רעבזעלמעלעך אונטער די הערצער, זײַנען געשטאנען בא די שוועלן, געשושקעט זיך און קלוי־מערשט געזיפצט:

— וואָס איז דאָ צו ריידן, אן עמעסער גוי!

דער באָרוועסער פעטער איטשע, וועלכער איז געווען דער גרויסער וויצלינג צווישן ווײַבער, האָט געפרעגט:

— פונוואנען נעמט איר, אז ס'איז א גוי, ווײַבער?

ער האָט פארשטעקט די נאָדל אין קאמזעלקע, א הויב געטאָן די הויזן, און אוועק פארבײַ די פענצטער. דאָס רעדל אין הויף האָט גע־

נומען וואקסן. דער שווארצער מאָטעלע האָט זיך אפילו א כאפ געטאָן פאר א ביישטידל און גענומען ווינקען צו סאָניען מיט א מאמזוריש אויגל, אז ער פארשטייט שוין קלוימערשט יאָ, צוליב וואָס זי האָט גע־בראכט אין שטוב דעם גרויסן מאנצבל.

מען האָט געוואַרט, זיי זאָלן זיך ווייזן צוריק פארן שוועל.

דעמלט האָט זיך פלוצלונג באוויזן אפן גאנעק דער פעטער זישע, די הענט האָבן בא אים אזש געציטערט, און ער האָט א זאָג געטאָן מיט א טרערנדיקן קאָל:

— גראָבע פליגלען, וואָס איר זייט, א ליטישער מענטש וועט זיך דאָך שוין ניט קענען באווייזן אין הויף!

פעטער זישע האָט, נעבעך, געמאכט דעם אָנשטעל. עס איז אים געווען גענוג ביטער אפן הארצן.

*

באנאכט האָט ער זיך שוין לעכאטכילע ניט געלייגט שלאָפן, געזעסן א האלב אויסגעטאָנענער אפן בעט און געוואַרט; ער האָט געוואַרט אף דער שיינער טאָכטער זיינער. ווי נאָר סאָניע האָט זיך אריינגעגאנוועט שפעט נאָך האלבער נאכט אין שטוב אריין, האָט ער זיך גלייך א הויב געטאָן:

— הער, דו, יימאכשמוליניצע, — האָט ער געזאָגט, — דו זאָלסט מיר ניט ברענגען קיין גויים אין שטוב. דו הערסט, וואָס איך זאָג?

פעטער זישע האָט זיך צעוואָרעמט:

— שליוכע, דו!

אָבער שוין דורכויס אומגעריכט האָט אים א שלאָג געטאָן די כולי־שעס צום הארצן. פעטער זישע האָט זיך פלוצלונג אראָפגעזעצט אפן בעט, געל און הארט, מיט אן אָפגעשטאָרבענער נאָז.

די לאנגע מומע גיטע האָט זיך א הויב געטאָן פון אונטערן קאָלדרע, ווי א סטראשידלע אין פעלד. פון שרעק האָט זי אוועקגערעדט אף דעם מאנצבלשן קאָל. זי האָט גענומען קאָכן טעפּ, שלעפן הייסע טיכער צום בעט, און סאָניע איז געלאָפן נאָך א דאָקטער.

פעטער זישע איז זיך געלעגן, ווי א מעכוטן, מיט א צעכראַס־טעטן געלן הארצן, מיט דער פירקאנטיקער פארקאשערטער באָרד

אַף אַרוף. פּאַמעלעך האָט ער געעפנט אַ גרויסע, האַרטע ברעט און באַלד אַ טראַכט געטאָן:

— וואָסי, זיי קענען דען מינטערן אַ מענטשן?

*

אינדערפרי האָבן געזונגען פּראָסטע פייגעלעך.

ס'איז שוין טאַקע טיף פרילינג. טעג—הייסע, קלאָרע, אונטערגע־שמידטע. אין הויף שטייט די זון, ווי אַן אָנגעגליטער אײַזן. ווו נאָר אַ שויב—שפּריצט זי מיט טונקעלע שטראַלן. שטיל. אויב עמיצער וויל, קען ער אפילע הערן, ווי די קראָפּעווע וואַקסט בא די ווענט (קיינער וויל עס, לײַדער, ניט). אין רעבזעהויף איז הייסער, ווי אומעטום. די זון באַקט מיט אַ קלינגערײַ.

ווי האַלט עס מיט פּעטער זישען נאָך דעם נעכטיקן כאַלעש?

נאָכפרעגן זיך אַף פּעטערס זישעס געזונט טאָר מען ניט, דאָס ווייס מען, אָבער אַרײַנקוקן דורכן שויב איז דאָך דערלויבט יעדערן. אַרום פּעטער זישעס פענצטער איז שטיל. דאָס פאָרהענגל איז אַראָפּגעלאָזן,—די אײנציקע שטומע, צוגעשלאָסענע פענצטער אין רעבזעהויף, וועלכע זאָגט ניט, אפּאָנעם, וואָס צו זאָגן.

*

ס'איז אַרײַן דער פרילינג אין ברען, הייסע שטימען גייען אַרום איבערן הויף פון אומעטום. פון די אָפענע פענצטער הערט מען מאָדנע אומפאַרשטענדלעכע דיבורים.

שטים נומ. 1!

די אָנפירונג מיט דער באַוועגונג קומט פון דער קאַבינע 6. דער טראָס 8 גייט אַדורך דער ראָד, וואָס ווערט געטריבן דורך אַ דאַמף־מאַשין. דער אָנפירנדיקער טראָס 9 גייט אַדורך די שקיוון. דעם קאָרפּוס בויט מען פון ווייכן שטאָל—28 מעטער די לענג, 11,5 מעטער—די ברייט.

שטים נומ. 2 (דאַכט זיך, די מומע מאַלקעלעס קאָל, אָבער אויב אַזוי, האַלט זי נאָך ניט ווײַט):

בא אַ מאַשין—מירע.

מירע—בא אַ מאַשין.

אַ מאַשין—בא מירען.

מירע — א מאמע.

בא מירען — עמע.

שטים נומ. 3 (טאַנקעס קאָל):

דער הויפּט־געביט באַם דערלערנען און צוגרייטן א קריג־פלאָט, ווי ביכלאל באוואָפנטע קויכעס, איז דאָס שיסן. דאָס איז דער גרונט־מיטל באם פירן א שלאכט. די הויפּט־געווער פון קריג־פלאָט איז ארטילעריע. דעריבער איז די ארטילערישע שיסעריַ דער הויפּט־באשטאנד פון דער מיליטערישער צוגרייטונג אף די קריג־שיפן.

שטים נומ. 4:

דורכפירנדיק די צוגרייטונג, האָבן די אויסלענדישע פּיאָנערן אויך אָרגאניזירט א פּראָטעסט און באָיקאָט קעגן דעם פאציפיסטישן צוזאמענפלי פון די סאָציאל־דעמאָקראטישע קינדערישע אָרגאניזאציעס אין ווין און דער סקאוטישער מיליטאריסטישער אָלימפּיאדע, וואָס ווערט צונויפגערופן אין ליווערפּול.

מאָטעלע דער שווארצער בויגט זיך ארויס פון פענצטער, א נאקעטער, ווי די מאמע האָט אים געהאט, און שרייט ארויס אין הויף:

— טאָנקע, דו הערסט צי ניט, טאָנקע?

— וואָסי?

— ווו ליגט ליווערפּול, הא?

ענטפערט אים דעמלט פאלקע פון זיַן פענצטער ארויס:

— מאָטעלע, נעם זיך אריַן אין זינען איין מאָל פאר אלע מאָל, אז פאר דער עלעקטרישער באליַכטונג דארף מען איַנשטעלן א דיזל־מאשין, א דיזל־מאשין, א דיזל־מאשין...

*

בעכיין, האָט דער רעבזעהויף געלערנט, ניט געקוקט אף דעם גליַעבדיקן טאָג, וואָס איז געלעגן איַנגעפּאסט, ווי א שטיק געשליפענער קריסטאָל, ניט געקוקט אף גאָרניט.

די זון האָט געברענט, ווי א דיזל־מאשין, א דיזל־מאשין, א דיזל־מאשין...

שטראלן שטיַפע, ווי טשוועקעס, האָבן ארומגעדראָטעוועט דעם הויף; הייסע שטראלן, אָפּגעזונדערטע, אז מען האָט זיי געקאָנט איבערציילן אף די פינגער.

בלויז באם פּעטער זישעס פּענצטער איז געווען שטיל, דאָס פּאָר־האנגל—אראָפּגעלאָזן, די איינציקע שטומע, צוגעשלאָסענע פּענצטער אין רעבזעהויף.

קליינע זעלמעניאנערלעך פון א גאנץ נייעם מין זיינען געלעגן אין די אויסגעסאָכנעטע רינעס, ווי אין מולטערס, און געקייט די גראָבע פינגער פון די אייגענע אָפּגעברוימטע פּיסלעך.

(אָ, וועלכער אומפּאראנטוואָרטלעכער לאָוואָן־האָאראמי האָט עס איבערגעלאָזן געלע שפּורן אין דער זעלמעניאנישער מישפּאָכע?).

אפילע דער ברוק אין הויף האָט געבליט מיט ליכט.

---

# צאַלקע און טאָנקע.

פונקט 12 אזייגער באטאָג איז צאַלקע דעם פעטער יודעס אריבער דעם הויף צו טאָנקען. פעטער זישע איז געזעסן אײַנגעבויגן, ווי שטענדיק, מיט דער שפּאַקטיוו אין אויג, און געטרייבערט אַלץ זייגערישע געדערים. דער אײַנגעבויגענער קאַרק איז געווען שטאַרק אָנגעברוגעזט אפֿן מענטשן.

צאַלקע מאַכט ניט קיין לאַנגע מאַכזאָקעס מיט פעטער זישען, ער דאַרף בלויז האָבן צו טאָנקען אינעם צווייטן צימער.

בײַ טאָנקע זעצט זיך אַוועק אויף דער אַלטער סאָפע, צווישן די אויסגעקראָכענע שרויפן, און פאַרוויכערט אַ פּאַפּיראָס—כאַפּט ער די סמײַע. פאַרוואָס? מע ווייס ניט פאַרוואָס. ער לײַדט, זאָגט מען, אויף אַ ראָזער קראַנקייט, וואָס איר ווייטיק איז ענלעך צו צאָנווייטיק.

פעטער זישע קוקט אויף אַזעלכע זאַכן פון אַן אייגענעם זייגערמאַכערישן שטאַנדפּונקט, האָט ער זיך טאַקע מכילעס געקווענקלט אין דער דייע, באָר איצטער, נאָך סאָניעס גאַסט, וואָלט מען שוין בײַ אים געפּועלט אויסגעבן טאָנקען אַפילו פאַר אַט דעם שלימאזל, האַגאַם דאָ איז מען קיינמאָל ניט זיכער, אַז טאָנקע וועט ניט בלײַבן אינמיטן דעררינען אַ יונגע אַלמאָנע.

צאַלקע איז פון די נײַע געלערנטע. ער איז געזעסן די נאַכט איבער אַן אַלטער „צענעורענע", מיזדאַווע געווען זיך מיט פאַרצײַטיקע ייִדענעס און אַזוי אַרום פאַרהוליעט די נאַכט. ער איז דערפאַר אַ ביסל מיד, אַ ביסל פאַרשלאָפן, און זײַנע ראַיזינעס שוועבן אַרום פון ריוזקע באַס בסוף ביז טאָנקע באַס זישע, וואָס זיי זײַנען אים אַלע ליב. ער

ווײַל דאָ איצט זיצן אָנגעלענט אױף א שטול, אױסגעצױגן די פֿיס, און אָפּרוען פֿון די געדאַנקען.

טאַנקע טוט אָבער פּלוצלונג א שפּרונג פֿון דער סאָפע און נעמט אים אָן פֿאַר דער גראָבער פּײע:

— קום, קערטשענער הערינג, מירן זיך א לאָף טאָן באָדן.

*

דאָס טײַכל ליגט א פּאָר װיאָרסט הינטערן שטאָט. ניטאָ קײן פּיצל שאָטן, עס איז יױל. קוים װאָס זײ זײַנען דערגאַנגען אין דער היץ צו די ערשטע קילע פֿעלדער קאַרטאָפֿל, אָפּגעפּרישט זיך א ביסל אָן די קאַלטע שטעכן גרין.

צאַלקע איז בעגאַנגען פֿון הינטן און גערעדט פֿאַרכאַלעשטערהײט:

— הערסט דאָך, הײַנט באַנאַכט האָב איך עפּעס אױפֿגעטאָן. מעגסט הערן. באַקומען אן אַלטע „צענעװרענע" אָן א שאַרבלאַס, און אױסגעפֿונען, אַז זי שטאַמט פֿון 17־טן יאָרהונדערט, געדרוקט געװאָרן בא שימשן זימלע אין מעץ.

שפּעטער צו האָט טאַנקע געפֿרעגט:

— הערינג, װאָס פֿאַר א װערט האָט דײַן אַנטדעקונג פֿאַר דער סאָצבױונג?

— הם...

— אױב אזױ,—האָט זי זיך פּלוצלונג אױסגעקירעװעט,—אױב אזױ, קענסטו גײן שלאָפֿן!

זי האָט אים אונטערגעשטעלט א פֿוס, װי עס טוען גרױסע שלעגער, און אַרײַנגעשטױסן דעם געלערנטן אין די קאָרן.

— אידיאָטקע!—האָט ער געשריען, זוכנדיק די ברילן אױף דער ערד,— צען מאָל אידיאָטקע!

טאַנקע איז שױן געװען בא דער צװײטער זײַט פֿעלד, געשטאַנען אײַנגעבױגן מיט די הענט אױף די קני און געמאַכט דעם אָנשטעל װי זי לאַכט.

זעלמעניאַנער לאַכן ניט. זעלמעניאַנער שמײכלען ברײט און די ניט באַזאָרגטע נעמען עס אמאָל אָן פֿאַר א געלעכטער.

דער טראקט האָט זיך אויסגעשפּרייט ווײַט ביזן טאָסנאָוון האָריזאָנט. צווישן די שאָטנדיקע, קורצע קאַרטאָפל־פעלדער האָט דער הייסער קאָרן געפּלייצט אין ברייטע פּירקאַנטיקע פורעמס פון מעש. א זודיקער, גרינער אָטעם האָט געשלאָגן פון די טעגעזענצן. די פארשיידענע העלקײַטן פון דער זון זײַנען אומגעשוומען איבער דער גאַנצער געגנט, אָפּגעגאָסן פּלוצלונג ערגעץ א פעלד מיט ליכט, אַז ס'האָט פאַרשיקערט די אויגן.

ווײַט, באַם סאַמע שטריך פון האָריזאָנט, האָט געקנוילט א רויכל — א טראַקטער האָט קורץ געסאָפּעט, געפּויזעט נאָמעלעך איבער דעם ברעג פון דער ערד און איז אַלץ ניט פאַרשוונדן פון אויג.

צאַלקע האָט געזאָגט:

— באָרוכאַטאָאַדויִנויעלויהייִנמעלעכהאָאוילאָמהאַמויִצעלעכעמינהאָאָרעץ!

*

זי האָט אַראָפּגעכאַפּט די בלוזקע און דאָס לעצטע שטיקל וועג דערלאָפן העמדום ביז צום טײַך.

פונדערווײַטנס נאָך האָט צאַלקע דערזען א פינקלענדיקן שנור וואַסער, בייס זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון ברעג. פאַר זײַנע אויגן האָט א בלענדגעטאָן — און מיט א ציטער אין האַרצן — טאָנקעט פאַרברוינטער קערפּער; ער האָט דערהערט איר אויסגעשריי, און דאָס אַלץ האָט זיך עפּעס א מיש געטאָן מיט א שאַרפן ווייטיק. צאַלקע האָט זיך אויסגעצויגן אין גראָז, אַביסל פונדערווײַטנס, בעקײַט א שטרויעלע, און אופגערעגט געטראַכט און ניט געטראַכט.

זי האָט זיך דאָרטן געוואַלגערט אין וואַסער, אַרויסגעשפּריצט, אונטער דער גליִענדיקער זון, קאַלטע וואַסער־ראַקעטן; פּלוצלונג האָט זי זיך אַרויסגעהויבן, גלאַנצנדיק מיט דעם נאַסן לײַב, און אויסגעשריען:

— צאַלקע, זע, א שיינער קערפּער, צי ניט?

*

צוריקוועגס זײַנען זיי געגאַנגען מיט די פעלדער. עס איז שוין געשטאַנען אָנגעגאָסן דער קאָרן. ניטאָ קײַן שאָרן. גאָרנישט. הייסע שוועבלעך האָבן זיך געשופּט אין לאַנגע פליִען גידעריק איבער די פעלדער,

און איבער זיי האָט די זון געפֿלאקערט, ווי א הוילער פֿײַער. זיי זײַנען פֿארפֿאלן געוואָרן צווישן די קאָרן. טאָנקעס רויט טיכל אפֿן קאָפּ האָט זיך פֿון צײַט צו צײַט ארויסגערוקט איבער דעם טלײַענדיקן מעש, ווי א גרויסער טראָפּן בלוט. זי האָט געזונגען:

Ох-ці мне, ох!
На балоце мох,
Хлопец па дзяўчыниы
Сем гадоў сох.
Сох-та ён, сох,
Высах, як гарох...
Ох-ці мне, ох!

זי האָט געזונגען, און צאלקע האָט זיך נאָכגעשלעפּט, בימכּילע, אנשטאָט א שאָטן אינעם דאָזיקן הייסן טאָג.

ער האָט געטראכט אזוי:

— טאנקע, דו באציִסט זיך עפּעס גלײַכגילטיק צו מיר. מען קען זאָגן, אז דו באציִסט זיך אפֿילע קאלט צו מיר, און דאָס געפֿעלט מיר ניט, וואָרעם איך בין עפּשער אביסל פֿארליבט.

ער האָט געטאָן א שטיל פֿארטײַעט זיפֿצעלע, וואָס איז, ווי באקאנט, דער ערגסטער צייכן פֿון דערדאָזיקער ראָזער כאלאעס.

*

אין שטאָט זײַנען זיי ארײַן דורך אן אנדער זײַט. די היץ, וואָס האָט זיך דאָ אראָפּגעגאָסן פֿון די פֿארטריקנטע בלעכענע דעכער, איז געווען א טעמפּערע און געדיכטערע.

*

די ב־ער צעגראָבענע גאס האָט אויסגעזען, ווי א פֿאבריק. אין דער גאנצער לענג פֿון גאס זײַנען געשטאנען ארבעטער, נאקעט ביז העלפֿט, מיט ריידלען און אײַזנס אין די הענט. מע האָט אויסגעלייגט רעלסן פֿאר א טראמוויי. די קרומע זון האָט זיך אָפּגעשלאָגן אָן זייערע הוילע פֿלייצעס, ווי אן געשליפֿענע שפּיגלען. א פּאָר הונדערט ברוינע קערפּערס מיט אָפּגעברענטע פֿלייצעס, ווי מיט טונקעלע שילדן, האָבן זיך רויק

באַוועגט אין אימפּעט פון דער אַרבעט. די מוסקולן האָבן זיך אַרומגעגליטשט אויף די לײַבער, ווי לעבעדיקע, און אין גאַנג פון דער אַרבעט האָבן זיי זיך געכוואַליעט איבער דער פולער גאַס קערפּערס, ווי ברוינע כוואַליעס איבער אַ מאָרנעם מענטשלעכן טײַך. מע האָט צונויפגעקנאָכט די רעלסן מיט אַצעטילען. די אויוועלעך, פאַרקלעפּטע מיט ליים, האָבן בלוטיקע געטליִעט אין דער בלאַנקער לופט. פון צײַט צו צײַט האָט ערגעץ, צווישן אַ גרופּע נאַקעטע לײַבער, אויפגעריסן דער אַצעטילען מיט אַ זשיפּערײַ; דער בלויער פײַער טוט אַ קנאַל, צעשיט זיך אין פאָספאָר־שטערנדלעך, און אַ דינער רויך שלאָגט נאָך דעם אָפּ פון די פאַרשוויצטע נאַקטע קערפּערס, ווי זיי וואָלטן ערשט אַרויס פון אַ שוויצ־באָד. מע האָט געאַרבעט שווײַגנדיק, און פון אונטער אָט דעם גלײַכגילטיקן שווײַגנט האָבן זיך אַוועקגעצויגן ווייט דאָרטן אויף גאַס צוויי רייען לאַנגע, שוואַרצע, האַרטע רעלסן, אַרום וועלכע עס האָבן הײַער געשוויצט נאַקעטע קערפּערס, און געשפּילט די שטאָלענע געשווילעכצן אַרום די צונויפגעשמאָלצענע רעלסן.

— שיין, וואָס?—האָט טאָנקע געפרעגט.

— יאָ,—האָט געענטפערט צאַלקע, ווי פון אַ ביכל אַרויס,—די שײַנקײַט פון מענטשלעכער אַרבעט.

טאָנקע האָט געזאָגט:

— פאַראַנען אַ ליד פון אַ זעלמעניאַנישן פּאָעט קולבאַק, וואָס בלאָנטערט זיך מיר שטענדיק אין קאָפּ:

און בראָנזענע יונגען
באַפאַלן
איז דעמאָלט
אַ ווילן
צו שטילן
דעם צאָרן
פון יאָרן,
וואָס זײַנען פאַרלאָרן.

— יאָ,—האָט מאַסקים געוועזן אַפילע צאַלקע פעטער יודעס,—אַ שיין ליד!

נאָכדעם זײַנען זיי שוין געגאַנגען מיד און אַפילע אָנגעבלאָזן. טאָנקע האָט זיך מיט אים אָפּן געריצט, געפרעגט שאַלקהאַפטיק, צי ער, צאַלקע,

געהערט אויך צו די מאנסביל מיט די שיינע קערפּערס. ער האָט זיך פאַרזענקט.

— איך האַלט זיך נאָך בא דעם געדאנק, אַז דער גײַסט בויט דעם קערפּער.

— אַ ברײַרע האָסטו, צאַלקע, אַ ברײַרע האָסטו?

עס האָט אים עפּעס פּלוצלונג אָנגענומען אַ פאַרדראָס, אַלעמאָל ער האָט זיך באַרדרייט מיט אָט דעם פּלאַכן מיידל, וואָס איז אַזוי געוועדיקפּאַריסן און איז אַזוי אײַנגעטרויט אין איר ניכטערן וועלט־קוק, אַז זי קען פּאָשעט ניט אויפנעמען קיין טיפערן וואָרט. ער האָט שוין אָנגעהויבן טראַכטן, אַז אין זײַן ליבע צו טאָנקען איז ער באַגאַנגען אַ ייִנגלשן עוועס, ניט לויט זײַנע זעקס און צוואַנציק יאָר. אָף אַזוי ווײַט האָט ער שוין אַפּילע געטראַכט.

אַז צאַלקע האָט זיך שוין געקליבן אַרײַן אין שטוב, האָט זי אים פּלוצלונג צאָרט אַזוי אָנגענומען פאַר דעם ניטגעגאָלטן קין:

— דו ביסט אַך מיר פאַרליבט, קעצעלע?

9

## ווייטער וועגן צאַלקען.

צאַלקע האָט זיך ארומגעדרייט איבערן הויף. ער איז ארומגעגאנגען צעכושט, ווי א לעוואָנע־גייער, דאָס שניפּסל פאַרדרייט אָן א זייט.

פּעטער איטשע, וואָס פון זיין פענצטער טוט ער אכטונג געבן אף דער רו אין רעבזעהויף, האָט אָפּגעשטעלט די ניי־מאַשין. פּעטער איטשע האָט לאַנג געלויערט מיט כשאד אף צאַלקעס אופירעכץ, און באַלד ווי ער האָט פעסטגעשטעלט, וועגן וואָס סע האַנדלט זיך, איז ער ארויס אין הויף וואָרענען אף א געפאַר.

קוידעמקאָל האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו פּעטער יודען. עס האָט אָבער גראָד פּאַסירט, אז פּעטער יודע איז געווען ניט ווי געהעריק איז אופגעראַמט, האָט ער געכאַפּט א שטעקן, פּעטער יודע, און גענומען טרייבן דעם איבערגעגעבענעם ברודער זיינעם פון שטוב:

— וואָס זאָגסטו צו איטשקע דעם באָק, — האָט ער זיך צעשריִען, — ער קריכט דאָך שוין אויסן הויט!

פּעטער איטשע האָט קאַם באַוויזן ארויסשפּרינגען און פאַרהאַלטן די טיר פון דרויסן — דער מאָרעשכוירע זאָל אים ניט באַכלויפּן, און פאַר־שוואָרן האָט ער זיך דאָרטן א הינטערן טיר:

— מיין באָבעס דייגע, הענגט זיך און טרינקט זיך אַלע!

פּעטער איטשע האָט זיך דעמאָלט אוועקגעזעצט צוריק צום מאַשין און שוין מער ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט.

פּעטער איטשע האָט זיך שוין מער נישט געמישט.

*

עס איז פאַרגאַנגען דער זומערדיקער טאָג אף אַלע פיר זייטן, און רעב זעלמעלעס הויף איז געשטאַנען בוילעט מיט אַלע זיינע ווינקלען אין די טונקל־ברוינע פּייערן. זעלמעניאַנער זיינען געזעסן צעשפּילעט אף

די שוועלן און קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס סע קלייבט זיך באהאַל־טענערהייט אָט באַ זיי אונטערן נאָז.

ארום האלבער נאכט האָט מען פּלוצלונג דערהערט ווילדע, פינצ־טערע געשרייען. דאָס האָט געשריען פּעטער איטשע. דער רעבזעהויף איז פארשטארט געוואָרן פון שרעק. מע איז געלאָפן נאקעטע פון די שטיבער. אינדערפינצטער האָבן זיך געבלייכט לאנגע ווייַבערשע העמדער און צעפּאטלטע מאנסביל. די גוואלדן האָבן זיך געטראָגן ערגעץ פונ־דערהויך, דאכט זיך פון פּעטער יודעס בוידעם.

דעמלט האָט דאָס קליינע טרויעריקע ווייַבל געגומען שטורכען פּעטער פּאָליען אין זייַט:

— שטיי אויף, מע קוילעט מענטשן אין הויף!

— פּאָליע, האָב ראכמאָנעס, שטיי אופעט!

פּעטער פּאָליע האָט זיך בייז א קער געטאָן אפן זייַט און גענומען בורטשען אין וואָנץ:

— ברעכט דעם קאָפּ אלע, כ'דארף ראניצע אופשטיין צו דער ארבעט!

די ווייַבל האָט אים אָבער ניט אָפּגעלאָזן, געשלעפּט די קישן פון צוקאָפּנס, איז ער אראָפּ א פארשלאָפענער אין הויף און גלייַך ארויף איבערן לייטער צו פּעטער יודען אפן בוידעם, נעמענדיק עטלעכע טרעפּ־לעך פאראמאָל.

די געשרייען האָבן באלד אופגעהערט.

מע איז געשטאנען, צונויפגעטוליעטע און פארהעשעטע, מיט פאדרי־סענע קעפּ צום בוידעם־לאָך.

— מע מוז לויפן נאָך בערען, — האָט די זעלמעניאנער געקלאפּט א צאָן אָן א צאָן,— אָן אים וועסטו דאָ גאָרנישט מאכן!

פאלקע פּעטער איטשעס איז אָנגעפלויגן מיט א עלעקטריש לעמפּל אפן ברוסט, מיט א רעוואָלווער אין האנט, באוואָפנט ווי סע דארף צו זייַן, און ער האָט זיך אויך געלאָזן צום בוידעם.

— ענטפערט וואָסי דאָרטן, גאזלאָנים!

באלד האָט זיך פאלקעס שיטערע עלעקטרע ארויסגעגאָסן צוריק פון דעם בוידעם־טירל און עס האָט זיך דערטראָגן זייַן שלינגענדיקע שטים:

— סי גאָרנישט, סי גאָרנישט,—צאלקע האָט זיך אופגעהאנגען!

— וואָס?

— אָף טויט?
— ניין, ווי אַלעמאָל, פּונקט ווי אַלעמאָל.

*

פּעטער איטשע האָט זיך טאַקע ניט געמישט. ער איז געבליבן בלויז זיצן אויפן שוועל אינדערפֿינצטער, קעדיי צוקוקן זיך, וואָס דאָ וועט זײַן. שפּעט באַנאַכט האָט ער דערזען, ווי צאַלקע איז אָן אַ רעקל אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב, געכאַפּט דעם לייטער בײַם שטאַל, און עפּעס געטראָגן מיט זײַנע קױכעס אַ הויב געטאָן זיך צום דאַך. צאַלקע איז ווי אַ באַנומענער אַרופֿגעלאָפֿן צום בוידעם.

פֿרעגט זיך:

דער פּעטער איטשע האָט אים דעמאָלט געדאַרפֿט נאָכגיין, צי ניט?

— ער האָט בעדאַרפֿט!—אַזוי זאָגן אַלע.

און ער האָט אים טאַקע אונטערגעכאַפּט אין דער סאַמע ריכטיקער מינוט.

צאַלקע איז אָבער געווען אַזוי פֿאַרביטערט אויף דער וועלט, אַז ער האָט אַרויסגעשלעפּט אַ פֿוס און גענומען שלאָגן דעם פּעטער איבערן קאָפּ, ביז דעם פּעטער איטשען באַפֿאַלן דעמאָלט די גרויסע שרעק: ווײַבאַלד דעם בעהאַנגענעם האַלט ער אויף זיך, טאָ ווער קען עס אים דאָ שלאָגן מיט אַ פֿוס אין קאָפּ?

פּעטער איטשע האָט געמאַכט אַ גיוואַלד.

דעמאָלט האָט צאַלקע זיך שוין ניט געוועהרט, געהאַנגען, ווי אַ הערינג אויף אַ שטריקל.

*

מומע פּאַליע האָט פֿאָרזיכטיק אַראָפּגעוואָרפֿן צאַלקען אויפֿן קאַרק און אים אַראָפּגעטראָגן אין שטוב, געטראָגן אָפּגעהיט, ווי ער וואָלט געווען פֿון פֿאַיאַנס. מע האָט אָפּגעשלאָגן פֿאַר דעם בעהאַנגענעם אַ רײַנעם געלעגער, אויסגעטאָן אים, און די זעלמעניאַנער האָבן זיך בײַ געריק אַרומגעשטעלט באַטראַכטן, ווי אַזוי ער ציט דעם אָטעם, טוט אָן עפּן פּאַמעלעך די קאַלטע אויגן און מאַכט זיי ווידער צו.

— מע דאַרף האָבן וואַרעניע!

— זעט, מע דאַרף האָבן אַביסל וואַרעניע, מאַכמעס ער איז פֿאַרשוואַכט!

צאַלקע האָט זיך אויסגעקריצעט צום וואַנט. די מומע מאַלקעלע וואָס האָט בלויז אַף דעם געוואַרט, האָט זיך דערמאָנט א כאַפּ געטאָן צו זייַנע בגאָדים אויסקערן די קעשענעס, טאַפּן די בעט, צי געפינט מען ניט דאָרטן טוידעפּירעס. מע האָט געפונען אין דער הויזן־קעשענע א זאַך, וואָס לויט אַלע סימאָנים איז עס אַמאָל געווען א גאָרטיכל, צווי ביינערנע קנעפּלעך, און אין וועסטל־קעשענע—א קליין צעקנייטשט צעטעלע.

פעטער איטשע איז אוועקגעלאָפן נאָך דער מומע מאַלקעלעס שפּאַקולן.

אינעם צווייטן צימער האָבן זיך נאָכדעם די אַלטע זעלמעניאַנער געקליבן שווייַגנדיק אַרום דער מומע מיט דעם צעטעלע. זי האָט גע־לייענט שווער, געלייענט מיט מאַטערניש, און ערשט סאַמע אונטן איז די אומגעריכט דערגאַנגען צו א פּאָר שורות, וואָס האָבן קיימאַט, ווי צעטומלט דעם אוילעם.

אָט איז דאָס צעטעלע.

אומער — דער גרויסער לעקער (קאַלע־װאָשן)

גודעגאָרדער (?)

סעמכעלע — סמכן, סמך (שטינקער)

פּיזדעמאָניע — גרעק (און פּאָרטיזאַנער באַשעפֿגונגען)

כשעמכעס (?)

ליג־האָלט, פּיזרוין אַ נואַנס

ווי אַז דיסער בר לאַגן, איך האָב ליב

טאָנצן, די אין הײַז האָלט טאָנצן ד

טאָנצער, טאָנץ דער

די זעלמעניאנער האָבן זיך לאנג איבערגעקוקט פון ארונטער די שטערנס. באלד האָט פעטער זישע געפונען פאר נויטיק אָפּנעמען דאָס צעטעלע צו זיך, און שטילערהייט איז מען צוריק אריין צום געהאנ־גענעם.

*

נאָך דער ווארעניע האָט זיך דער נויטע לאָמוס דערפילט בעסער, אפילע א שמייכל געטאָן צו דער מישפּאָכע מיט אזא מין באטייט:

— וואָס זאָגט איר דערצו? געגאנגען, דאכט זיך, גאָר קעשורע, מיט אמאָל נעם איך און טו אָפּ אזא רעציכע!

פעטער יודע האָט זיך ארומגעדרייט צווישן אוילעם ווייך, און שטיל און גרינג, ווי אין זאָקן. ער איז געווען, זעט אויס, צופרידן, וואָס זיין צאלקע לעבט פאָרט, האגאם פון פּאָנעם פון האָט מען עס ניט אראָפּגעזען— געקוקט רוגזעדיק מיט די קליינע ווייסע אויגעלעך, ווי טאָמיד.

די געמיטער האָבן זיך בארויִקט. אויב מען האָט איצט געזאָרגט, איז עס גאָר געווען פאר עפּעס אנדערש; מע האָט זיך איצט באאומרויִקט פאר כייעלען, וואָס לויט דער מומע מאלקעלעס כעשבן טאָר זי זיך שוין פון לאנג ניט איבערשרעקן.

כייעלע האָט אָבער א זאָג געטאָן:

— עסט זיך ניט אָפּ ס׳האַרץ. איכ׳ל זיך ניט איבערשרעקן. מיין קינד איז מיר טייערער פון אים!

*

די זעלמעניאנער האָבן בא פעטער יודען אין שטוב געטרונקען טיי, געגלעט די וואָנצן און אָפּגערעט פון דער צערודערונג. בלויז פעטער פּאָליע, וואָס האָט מיט די זעלמעניאנער קיין מאגעומאכע ניט, בלויז ער האָט זיך ארומגעדרייט אין הוילע טאכטוינים איבערן הויף.

סארא זומעררייקע נאכט!

ווען פעטער פּאָליע האָט וואָס צו טראכטן, וואָלט ער שוין איצטער זיכער געטראכט, ווייל די נאכט איז געווען אזא, פול מיט געדאנקען פון סאָף זומער.

*

שפעט באנאכט איז בערע אָנגעקומען פון דער מיליציע. ער איז געגאנגען פאמעלעך צופרידן, מײַסע באלעבאָס, געקײַט קערלעך און געשפּיגן צום הימל. ער האָט דערזען פעטער פאָליען אין זײַן מאָדנעם הילעך, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט כשאד.

— געמאכט א קייסע?—האָט ער געפרעגט.

פעטער פאָליע האָט ארויסגעדרוקט דעם קאָפּ:

— און אז געמאכט, איז וואָס? כ׳בין נאָך אזא באָלשעוויק, ווי דו! בערע איז צוגעגאנגען נעענטער:

— ארײַנגעגאָטן אין לאָמפּ?

— און אז ארײַנגעגאָסן איז וואָס? איך האָרעווע, און דו דרייסט זיך ארום מיט דײַן קוקאַרדע!

בערע האָט אים שוין געשמעקט פון מויל:

— אראָפּגעטראָגן ס׳ביסעלע נאפט אין קעלער?

— און אז אראָפּגעטראָגן, איז וואָס?—האָט פעטער פאָליע צונויפ־גענומען די פויסטן, — בערקע, דו וועסט נאָך בא מיר פליען פון דער פארטיי ארויס!

פאָליע האָט אים אָפּגעזידלט מוטער־נאקעט. דאָס מאָל האָט בערע געפונען פאר נויטיק צו פארשווײַגן. ער איז אוועק.

אין הויף האָבן געברענט אלע לאָמפּן. מאָדנע. בא פעטער יודען אין שטוב זײַנען געשטאנען די טירן אָפן. ער איז ארײַן און באלד פארשטאנען, אין וואָס די שׂימחה שטעקט.

די זעלמעניאנער האָבן דעמלט אראָפּגעלאָזן די קעפּ, פונקט אָט זיי טראָגן די אכרײַיעס פאר צאלקעס מעשוגענע געננ.

בערע האָט זיך אָנגעשפּארט צופוסנס פון צאלקעס בעט, געשיילט לאנג און פארטראכטערהייט די קערלעך און אלץ געקוקט אפן באל־שׂימחה. צום סאָף האָט ער ארויסגעלאָזן דעם שטילן זעלמעניאנישן הירזשע פון טיפן הארצן און א זאָג געטאָן:

— שמינטעלגענצל!

די מומע מאלקעלע האָט צוגעשאָקלט, טיף באדויערנדיק מיטן קאָפּ, אלס א צייכן, אז זי איז מאסקים.

*

דער רעבזועהויף האָט שוין געשמאק געשלאָפן. מאכמעס פּאלקע דעם פעטער איטשעס שרײַט פון שלאָף, האָט מען אים דאָסמאָל אויך גענומען איבערנעכטיקן צום טאטן, זאָל ער ניט איבערשרעקן דעם כוילע.

די לעוואָנע איז שטיל ארומגעגאנגען איבערן דאך.

צאלקע איז געלעגן מיט אָפענע אויגן. עס איז אים געווען דאָפּלט פינצטער. עס איז אים געווען, לעמאָשל, ווי ער וואָלט געלעגן אפן וואסער טויזנט מײַל פון א ברעג. און ער איז געווען וואך, פײַנלעך אוף, אז ער האָט אויך געהערט דעם ציטער פון לעוואָנע־ליכט אף די לאָדן.

מיטאמאָל הערט ער, ווי עמיצער שטופּט אָן פאמעלעך די טיר אין צימער.

דעם פעטער יודעס קאָל:

— צאלעל, דו שלאָפסט?

— נײַן נאָך.

פעטער יודע לאָזט זיך ארײַן מיט א זײַט, זעצט זיך שטילערהייט צו אים אפן בעט. ער זיצט לאנג אזוי, צופּט דאָס בערדל און קלײַבט זיך עפּעס זאָגן, וואָס עס איז אים, קענטיק, גרײַלעך וויכטיק. סאָפּקאָלסאָף טוט ער א שטיל הוסטל און הייבט אָן מיט א מוסער־קאָל:

— צאלעל, נעם זיך אראָפּ א מוסער פון זיי. סי דאָך פאר זיי ענג די וועלט. וואָס זיצסטו אַלץ בײַ דײַנע ביכלעך? קענסט דאָך אויך ווערן א באָלשעוויק, ווי זיי, נאָר איינער... נעם, טו א טראכט און ווער א באָלשעוויק... און איכ'ל דיר זאָגן דעם עמעס, סי דאָך א ראכמאָנעס אף א טאטן אויכעט. אייביק לעבט מען ניט, און טע ווילסטו זיך האָבן א קאדעש, ווי אלע ייִדן... אָן אזוילע, וואָס? כ'פארשטיי, מע נעמט זיך אמאָל טײַלעבן. פארוואָס ניט? כ'פארשטיי איינמאָל, א צווייטן מאָל, בא דיר איז דאָך עס אלע ווײַלע... און זעסט דאָך, אז סי דיר פּאָרט ניט באשערט, ראכמאָנע־ליצלאָן, צו שטארבן. פרעגט זיך דאָך טאקע, צאלעל, נאכמאָל זאָלסטו גיין זיי קעגן גאָט, אי קעגן לײַטן?..

פעטער יודע איז אנטשוויגן געוואָרן. ער האָט געקוקט אף דער שני־ רעלע לעוואָנע־ליכט, וואָס האָט זיך ארײַנגעגאָסן דורכן לאָדן. באלד

האָט ער ווידער אָנגעהויבן אביסל שטילער, ווי ער וואָלט אים וועלן פארטרויען א סאָד:

— און דו מיינסט, אז איך האלט ניט פון זיי? איך, זעסטו, האלט דאווקע פון זיי... אראָפּוואַרפן דעם קייסער האָט מען געדארפט, ווי דעם לעבן, געווען א גאָרנישט שעבעניש, ניט קיין קייסער... אָבער, זעסטו, אָט דאָס, וואָס מע האָט זיך אָנגעזעצט אף דער שטיקל יידיש־קייט,—אָט דאָס איז שוין ניט רעכט... גאָרניט רעכט... סי פּראָסט ניט שיין!.. א כאַסענע, זעסטו, האָט געדארפט זיין א כאסענע, א בריט האָט געדארפט זיין א בריס, און סי רעכט אמאָל אָפּדאַוונען אויך. פאר־וואָס ניט?.. ווערעם וואָס איז שוין די האמצאָע, אז מען דאַוונט ניט?.. ווען טוט מען דאָ אַריין?.. הער, צאַלעל, ווען מע לאָזט מיר צו צו זייערע קעפּ דורכטייַנען זיך, וואָלט אנדעריש געוואָרן... טאַקע היינט־וועלטיקע מענטשן, קענען לעשויגעס, אָבער מע דארף האָבן אַטאָ דאָ אויך עפּעס... וואָס, ניט?.. און אָט דאָס, וואָס זיי טשעפּען זיך צו די גווירים, איז, צווישן אונדז ריידנדיק, אויך א נארישקייַט... די גווירים האָבן טאָפּקאָלסאָף געגעבן צו פארדינען א רובל... פון דעם שוסטער און דעם שנייַדער האָט מען געהאט קיינמאָל גאָרנישט... זעסטו, ווען מען פארמאָגט אביסל סייכל, האָט מען, אדערעבע, געדארפט שאָלעם מאכן מיט די באלעבאטים—פּאָרט איידעלע מענטשן, אמאָל אן אייצע, אמאָל טאַמע א גוט וואָרט... וואָס, ניט?.. צאַלעל, דו שלאָפסט?

— ניין נאָך.

— זעסטו, א יונגער מאן דארף זיך אָבער ניט אָפּשיידן פון קלאַל. אַל טיפרויש מין האציבור... ווערסטו א באָלשעוויק, גייסט מיט דער מאַנע, זאָגסט דאָרטן אָפּ, וואָס מע דארף... און אמאָל מאכט זיך, טוט מען אויך א יידן א טויווע, איז דאָך שוין יעמלט גאָר אָנגעלייגט, וואָלט מען שוין פון דיר צווישן אונדזערע מענטשן אויך!.. ביסט א מענטש, באָרעכאשעם, מיט א פּען אין האנט, דו שרייַבסט, דו גיסט צו פארשטיין, און אלעמען טאקע ניט אָפּווייַזן, אז זיי האָבן א טאָעס... הא?...

שעטער יודע האָט אָפּגעזיפצט:

— הערסטאָך, איך קוק אמאָל אף דער עלעקטרע, ווי סע ברענט, און איך טראכט: סי ניטאָ קיין גאָט אף דער וועלט — ס'דאָ עלעקט־ערע, נו, איז ווי לייגט זיך עס דיר אָפּן סייכל, אַטאָ דער לעמפּל איז

גאָט?.. אָט דער לעמפל שטראָפט עס די רעשאָים און באלוינט די צאַדיקים?.. ער האָט עס געגעבן מוישע ראבייינו די טוירע אפן בארג סינײַ אָט דער לעמפל?.. פרעג איך, ווו געפינט זיך באַ אָט די מענטשן דער קאָפּ?.. און וואָס וועט זײַן, אשטייגער, אז איך צעברעך גאָר דעם לעמפל, איז שוין אויס גאָט אף דער וועלט?.. העפקער—פּעטרישקע?.. צאלעל, דו שלאָפסט?

— ניין נאָך.

— טאָ זײַ מויכל, — איז שוין פּעטער יודע אַרײַן אין היסלאוועס, — דו ביסט דאָך יאָ א מענטש א בענטוירע, טאָ גיב מיר אף טשיקאוועס צו פארשטיין. וואָס שטעקט דאָ? צי דען זעען זיי ניט, צי הערן זיי ניט?.. דו גיב מיר צו פארשטיין, ווי אזוי נעמען עס יידן באַיאָרנטע, יידן מיט בערד, און מען איז מעכאלעל שאבעס בעפארהעסיע?.. וואָס שטעקט דאָ?.. וואָס טראכטן זיי זיך?.. כאַווער לענין איז א גרויסער מענטש, אוואדע איז ער א גרויסער מענטש, אָבער ווי קומט ער צו עמונע־זאכן?.. און לאָמיר שוין אפילע אָנעמען, אז ער איז מיכסידיי אומויס האָוילעם, איז וואָס?.. און מוישע ראבייינו איז שוין גאָרנישט?.. און דאָוויד האמיילעך איז גאָרנישט?.. און דער ווילנער גאָען איז גאָרנישט?.. דו ווייסט, צאלעל, אמאָל טוט טאקע אָט דאָ א ברען אין קאָפּ, אז סע ווילט זיך אנטלויפן אין בעסמעדרעש אהינטער אויוון און גע־עקט אן אייסיק. צאלעל, דו שלאָפסט?

— יא, איך שלאָף שוין אביסל.

דער פּעטער איז געבליבן זיצן צונויפגעהויקערט אפן בעט און אויסגעזען האָט ער אויך איצטער, ווי א פארבלאָנדזשעטער גאלעכל. די עטלעכע טרפאָנס לעוואָנע־שײַן האָבן באשפריצט א גלעזל פון זײַנע שפאקולן און א שטיקל איינגעפאלענע באק. ער האָט זיך אופגעהויבן, געשטאנען א היפשע ווײַל מיט דער פלייצע צו צאלקען און געטראכט פון עפעס, נאָכדעם האָט ער אויסגעקירעוועט צו אים דעם קאָפּ:

— עפשער אויסשפילן אביסל אפן פידל? שוין לאנג ניט געהאלטן אין האנט.

— ווי דו ווילסט.

אינדערפינצטער איז ער שפּעטער געשטאנען איבער צאלקעס בעט און געשפילט אזוי, ווי ער וואָלט געהאט בעדייע ארויסציען פון אים די נעשאָמע ניט דורך א טליע, נאָר דורך א זיסן, פארצײַטיקן געיאָמער.

עס האָט זיך געהערט אין צימער דער גערוך פון א געזאַנג אַף א בעט־סוילעם. דעם פעטער יודעס מאָרעשכוירע האָט אופגעבליט און זיך צע־עפנט, ווי א קלעפּיקער געוויקס אין מיטן וואַסער. די ניגונים זײַנע האָבן זיך געשאָקלט און געשטיקט אָן א אָטעם, מאָדנע געבראָכן און טויט, ווי א בלינד אויג, וואָס פינטלט שטארק און רײַסט זיך צום זען. ס'איז געווען פינצטער.

דערנאָך האָט ער געשפּילט וועגן דער הון. דאָס זײַנען שוין געווען גאַנץ אַנדערע טרערן וועגן דעם ווײַטן, גלײַכגילטיקן גאַנג פון די מאַזאַלעס, וואָס עס קימערט זיי גאָרנישט.

10

## ראדיאָ.

אין סעפטיאבער כוידעש הערט אויף אין אונדזערע קאנטן דער ווי־נער צו עטעמען, שפיל, פּילדפּכן, נאָר ס'איז אזוי, ווי מע וואָלט בא אימעם ארויסגענומען די לונגען. אין אונדזערע קאנטן איז דער סעפ־טיאבער־מענטש דעריבער אביסל געזעגנטער. מען האָט פעסטגעשטעלט, אז הארטע מענטשן, וואָס בא אונדז אין געגנט טרעפט מען זיי אָפטער ווי ערגעץ אנדערש ווו; אזוינע, וואָס ווייסן ניט פון סענטימענטן, שטרעקן אמאָל אויס אין סעפטיאבער־כוידעש די האנט באם געזעגענען זיך, און עס טרעפט אפילע, אז זיי טוען שוין דערבײַ א שמייכל אויך.

ס'איז דער קלימאט אזא.

עלטערע מענטשן זײַנען דעמאלט לענגער אין שטוב, זופן טיי פון גלאָזן און טראכטן.

אין די פענצטער איז גראָ.

*

שוין לאנג געווען שטיל אין הויף. ס'איז סעפטיאבער כוידעש. זעט אויס, אז עפעס וועט שוין באלד ווידער געשען. און פונוואנען דערזאָגט די געפאר? דאפקע פון אן אומגעריכטער זײַט — פון פאלקע פעטער איטשעס. פון אָט דעם נעפעש.

פאלקע דעם פעטער איטשעס האָט זיך צו א האלב יאָר אָנגעשריגן א פופיק, ווי ס'איז שוין באוווסט. דעמאלט האָט מען אים געלייגט האר־טע צענערס צום בויך, ביז ער (דער פופיק) איז ווי־ניט־איז צוריק ארײַן אף אן אָרט.

קלאָר, אז פון אזא אָנהויב וועט שוין גארנישט ארויסקומען.

דאָ ניט לאַנג. האָט ער בענומען טראָגן אין שטוב האַלבע צעבראָכענע ביר־פלעשלעך, וואָס ער פלעגט זיי אָנגיסן מיט עפּעס א בלויען וועסערל און ווייקן אין דעם שטיקלען קופּער.

גאַנצע טעג פלעגט ער אזוי זיצן דאָרטן, באַם פּעטער יודען אין נידעריקן צימער, צווישן די פלעשלעך, גומע, דראָט, אײַזנס, און טראַכטן א טראַכטונג. ער האָט געווישט די נאָז און אַרײַנגעקוקט אין א ביכל אַרײַן. און אז בא אים אין קאָפּ איז, ענדלעך, קלאָר געוואָרן דער גאַנצער סאָד פון די דראָטן, איז ער אוועק צו בערען מיט א פּלאַן מעקוליען ראַדיאָפיצירן דעם רעבזעהויף.

ער האָט פאָרגעלייגט א שאַרפן בוי־פּלאַן:

אופהענגען די אַנטענעס אף לופט־באַלאָנען, הויך אין הימל, קעדיי פּאַקן די עמעס־ריינע כוואַליעס. עלעקטרישע באַטאַרייעס וועט ער שוין מאַכן אליין אין זײַנע ביר־פלעשלעך, די באַערדיקונגען וועלן פאַרקומען אף ריינעם קופּער—א סגולע פאַר די בליצן, און ביכלאַל וועט זיך זײַן ראַדיאָ אויסצייכענען מיט דעם ריינסטן קלאַנג, און הערן וועט מען קענען אפילע אמעריקע.

בערע איז געזעסן בא א גרויסער קאַווענע, געריסן מיט א מעסער דעם קאַלטן קאַווענע־פלייש און זיך גוט צוגעהאָרכט, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— ראַדיאָ דאַרף מען אײַנפירן, אָבער ניט אָן לופט־באַלאָנען.

— און ארבעטער־דערפינדונג איז בא דיר גאָרנישט?—האָט זיך פאַלקע ניט אײַנגעהאַלטן:

— מאַך פריער א פּראָסטן ראַדיאָ,—האָט בערע געזאָגט,—נאָכדעם וועלן מיר זען.

— אָבער ס׳מאַך קאָסטן וועלוועלער. ראַציאָנאַליזאַציע איז בא דיר גאָרנישט?

— מאַך אָבער אפריער די זאַך, וועלן מיר נאָכדעם זען, גוילעם!—האָט זיך שוין אופגעכאַפּט בא אים זײַן אַלטע סינע צום פאַרסמײַעטן ברודער.

פאַלקע איז דאַן ארויס פון בערען אַן אופגעלויכטענער. ווײַבאַלד, אז בערע האָט שוין באַגיטיקט די זאַך, וועט ער אַלע כוואַליעס אײַנשפּאַנען אין זײַנע אַנטענעס און די שטיבער אָנגיסן מיט קאָנצערטן, פידלען, שטימען, פול ביז איבער די ברעגן. אָבער סע פעלט אים געלט

פאַלקע האָט דאָ אַפּן אָרט, גייענדיק איבערן הויף, צונויפגעשטעלט
אַ רעשימע און באַשטיײַערט מיט אַן אָפּצאָל די פּראָגרעסיווע עלעמענטן
פון הויף. באַלד איז ער אַוועק איבער די זעלמעניאַנישע שטיבער אַגי־
טירן פאַר דעם ראַדיאָ.

די מעהומע איז געוואָרן גרויס, און עס איז פאַרשטענדלעך אויך:
בא עלעקטרע פאַרשפּאָרט מען כאָטש קעראָסין, אָט דאָס איז אָבער
זינגעכץ, זינגעכץ סתּם אין דער וועלט אַרײַן, און ס'איז גאָר ניט
אַזוי גוט אַפּן האַרצן! דערבײַ האָט פאַלקע פאַרשלונגען די רייד, און
מע האָט ביכלאַל ניט גוט באַנומען, וואָס ער איז דאָ אויסן.

די מומע גיטע האָט טכילעס פאַרשטאַנען די זאַך, אַז פאַלקע וועט
אַרופקריכן אַפּן דאַך, זעצן זיך זינגען, און זיי אונטן, אין די שטיבער,
וועלן אים דאַרפן הערן און צאָלן געלט:

— לײַכטע פאַרנאָסעס ווילט זיך אים, דעם שילױע.

פאַלקע האָט זיך אָבער געקאָכט, אים האָט ווייניק וואָס געקימערט,
וואָס פעטער זישע איז געזעסן, געזופּט טיי, און געוואָרפן צו אים פון
צײַט צו צײַט בליקן ווי צו אַ שפּין. פאַלקע האָט אַלץ געטײַנעט:

— עלעקטרע איז די באַזע פאַר דער אינדוסטריע, ראַדיאָ—פאַר די
מויכעס.

אַזוי האָט ער דעמלט אופגערודערט דעם הויף, דער היסלאַוועסדי־
קער פאַלקע.

אין אַ פּאָר טעג האָט ער צונויפגעקליבן בא אַ 25 רובל און זיך
געזעצט צו דער אַרבעט.

*

ס'האָבן אָנגעהויבן גיסן די ערשטע, שיטערע, קרומע רעגנס; אַהינ־
טער זיי האָט דער אַנטשוויגענער זומער מיט די פּאַרקויטיקטע מיליאָנען
קאָלירן זיך געלאָזשן אין די כאָפּזומערדיקע גערטנער. אומעטיק גרין
פון בוריקעס־בלעטער, מיט לילאָווע האַרטע אָדערן, איז געלעגן צע־
טראָטן צווישן די בייטן. שמוציקער געל, שמוציקער אַראַנזש, שמוציקער
בראָנז האָט זיך געוואַלגערט אָן קלאַנג אונטער די פּיס.

אין אַזוינע טעג הערט מען טרויעריקע ווײַטע שטימען אָן אַנטענעס.

עס האָט געטריפט אַ שמוציקער רעגנדל, בײַם פאַלקע איז אַרײַן
בעטן דעם טאַטן, ער זאָל אים העלפן אַרופשטעלן די שטאַרקסטע אַנטע־

צע אפן מויער. דער פעטער איטשע האָט אַף זיך אָנגעטאָן עפּעס א צע־ריסענעם בעגעד, אין וועלכן ס'איז בלויז גוט צו גיין איבער די הײַזער, און מען איז דורכן בוידעם ארופגעקראָכן אפן דאך.

פעטער איטשע איז אפן מויער געווען מיט צוויי און פערציק יאָר צוריק, און ס'האָט זיך אים אלץ ניט געגלויבט, אז אָט די הונדערט מויערן און די רישטאָוואניעס צווישן דעם מאטן מעש פון די הארבסטי־קע בוימער, איז עס די אייגענע שטאָט, וואָס אמאָל. פאלקע האָט אים אָבער ניט געלאָזן שטיין מיט דער באָרד אין האנט און גאפן איבער דער שטאָט. ער, פאלקע, האָט נעבעך געשלעפּט נאָך זיך א לאנגן דראָנג, די קעשענעס אָנגעשטאָפּט מיט האמערס, טשוועקעס, וואָס האָבן אים אראָפּגעשלעפּט די הויזן.

ער איז געווען צעהאָצט.

און איצטער האָט פאלקע דאָרטן אפן מויער ארומגעיאָגט דעם טאטן זײַנעם פון איין ברעג דאך צום אנדערן. מען קען אָבער אויך ניט זאָגן, אז פעטער איטשען זאָל ניט געפעלן ווערן די שפּיל. עס איז אים גראָד געפעלן, ווײַל פעטער איטשע איז בעטעווע ניט געווען קיין שניידער, און, בעעמעס, ווען קען זיך מאכן נאָך אזא געלעגנהייט, ארומשפאצירן איבערן דאך און ניט דארפן זיך פארענטפערן פאר קיינעם?

עס האָט געטריפט א שמוציקער רעגנדל, בייס זיי זײַנען געלעגן צונויפגעקוטשעבורעט אפן נאסן דאך ארום קוימען, און געקלאפּט די לעצטע טשוועקעס אין דער אנטענע.

פאלקע האָט געפרעגט:

— דו האלסט פון דער סאָוועטנמאכט, צי ניט?

— ווידען?

— טאָ פארוואָס שערסטו ניט אָפּ די באָרד, עס קאפּעט דאָך פון איר?

— איכל דיר זאָגן דעם עמעס, — האָט זיך פעטער איטשע פארענט־פערט, — ווען איך נעם אראָפּ די באָרד, וואָלט איך געווען אביסל ייִנגער אויך, נאָר פאר לײַטן איז ניט שיין.

— קלײנבירגער בלײַבט קליינבירגער! — האָט פאלקע א זאָג געטאָן צום דאך.

— איכל דיר זאָגן דעם עמעס, אביסל שער איך זי אונטער אויך; אמאָל א כאפּ דאָ, אמאָל א כאפּ דאָרטן. מען קען דאָך ניט מיטאמאָל!..

נאָכדעם, אַז זיי זײַנען אַראָפּ פֿון דאַך, האָט ז׳אָרזשן געסטאַרטעט א פּלאָקן אין הימל, געפֿאַנגען די זיסע כוואַליעס פֿון דער וועלט.

איצט, ווען בײַ פּאַלקען וועלן זיך אָנגיסן די קאָנדענסאַטאָרן מיט עלעקטרע, וועט זיך א גאָט טאָן דער געזאַנג אין הויף, ווי א שלאַקס־רעגן פֿון אַן אָפּגעריסענער כמאַרע, און מע וועט זיך טרינקען אין געזאַנג.

אַזוי האָט געטראַכט פּאַלקע.

עס זײַנען אָבער אַוועק היפּשע עטלעכע טעג, און אין די טעלעפֿאָן־רערלעך האָבן יאָמערלעך געוויינט ווײַטע הייזעריקע ווינטן. מען האָט געהערט דעם האַרבסטיקן וועטער אין די אייראָפּעיִשע לענדער.

פֿאַר די עטלעכע טעג איז פּאַלקע אַראָפּ פֿון פּאָנעם. ער האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפֿן פֿון די שטיבער אין דרויסן אַרויס; דאָ איז ער אויפֿן דאַך און דאָ גראָבט ער א גרוב ערגעץ אונטער א פֿענצטער, טאַפּט די דראָטן און לעקט מיטן צונג.

די לאַגע איז געוואָרן נאָך געפֿערלעכער מיט דעם, וואָס דער סוינע האָט שוין גענומען אַרויסרוקן זײַן כאַזערשן פּיסל.

*

פּעטער זישע האָט אַנומלט בײַם עסן א זאָג געטאָן, אַז דער פּאַלקע מעג זיך אַפּילע שטעלן אויפֿן קאָפּ, וועט ער ניט אײַנפֿירן קיין ראַדיאָ, ווײַל דערצו מוז מען נאָך אַלע מײַסעס אײַנשטעלן א פּאָמפּעדיקל.

— איך בין א זייגערמאַכער,— האָט ער געזאָגט,— און וועגן אַזוינע זאַכן זאָל מען מיך ניט לערנען. דיר דאַכט זיך, אַז א זייגער גייט אויך אַליין, נאָר ניין—מע דאַרף נאָך אַלע מײַסעס אײַנשטעלן א פּאָמפּעדיקל.

מער האָט פּעטער זישע ניט גערעדט. זײַנער א וואָרט האָט אָבער שטענדיק איבערגעלאָזן א רושעם, און מע האָט דעמאָלט גענומען מיט פּאַלקען שטילערהייט אַרײַנטײַנען וועגן א פּאָמפּעדיקל:

— הענג אויף א פּאָמפּעדיקל,— האָט מען זיך בײַ אים געבעטן,— זײַ ניט קיין אַקשן.

— און וואָס קען עס דיר שאַטן סאָפּקאָלסאָף, מע דאַרף אַמאָל הערן אַן עלטערן מענטשן אויך.

פּאַלקע איז געוועזן אויסער זיך. ער האָט אַמאָל א שליידער געטאָן דעם האַמער אויף דער ערד און גענומען שרײַען:

— ווו זאָל איך אײַך אויפהענגען א פּאָמפּעדיקל, אין הימל? דער אַלטער לאַטוטניק גייט מיר לערנען, ווי אזוי מען דאַרף אײַנשטעלן א ראַדיאָ. זאָל ער זיך גיין פריער צולערנען אביסל פיזיק, דער נײַער מאַרקאָני!

אָט דאָס האָט שוין פעטער איטשען אַרויסגעבראַכט פון געדולד, האָט ער מיט רעציכע א הויב געטאָן די הויזן און גענומען ריידן צו אים האַרבע דיבורים:

— די מינוט זאָלסטו מיר אויפהענגען דעם פּאָמפּעדיקל, דו הערסט, וואָס איך רייד צו דיר, אָט די מינוט!

אפּאָנעם שוין לאַנג שטיל געווען אין הויף.

מען קען דרייסט זאָגן, אַז ווען ס'טרעפט אויף אן אַנדערן, ניט אויף פאַלקען, וואָלט יענער זיכער אויפגעהאַנגען א פּאָמפּעדיקל. פאַלקע האָט אָבער קיינעם ניט געפאָלגט, און איצטער זעט מען, אַז ער איז געווען גערעכט אויכעט.

דער ראַדיאָ איז געשטאַנען אויף מישקוילעס. ביכלאַל האָט מען שוין אין הויף גענומען שטאַרק צווייפלען אין די סאָוועטישע אויפטועכצן. ערשט דעמלט, שפּעט באַנאַכט, איז מאָמעלע דער שוואַרצער אַראָפּגע־לאָפן אין הויף מיט א געשריי, אַז בא אים אין קעסטעלע האָבן זיך גענומען הערן באַלאַלײַקעס.

דער הויף האָט זיך א ריס געטאָן. מען איז געשפּרונגען פון די פענצ־טער, און אַלע צום פעטער פאָליען אין שטוב. בעעמעס, בא אים, בא דעם שוואַרצן מאָמעלע איז ראַדיאָ, האָבן געצימבלט באַלאַלײַקעס. דערנאָך האָט דאָרטן אַלץ אויפגעהערט און פונערגעץ ווײַט האָט מען אַרײַנ־געזאָגט מיט א מענטשלעכן קאָל:

— האַלאָ! האַלאָ!

פאַלקע איז אַראָפּגעלאָפן א צעמישטער צו אַלע זײַנע זעקס ראַדיאָס אין הויף. סאָפּקאָלטאָף האָט ער געפּאַקט די זינגענדיקע כוואַליע, עמעס, דערווײַל א פּראָסטלעכע, אָבער ער האָט עטלעכע אַפּאַראַטן אויף קאַטאָד־לאָמפּן, וואָס ווען, האָפּנטלעך, פאַנגען אויך פידל־כוואַליעס און אַלץ בלאָנדזשענדיקע רעדעס איבער דער וועלט, וואָס זײַנען נאָך ניט אָפּ־גענוצט געוואָרן.

שפּעטער איז געוואָרן שטיל אין רעבזעהויף, ווי אין אן אויער. מען איז געזעסן קופּקעסווײַז אַרום די ראַדיאָ־קעסטלעך, מיט אביסל

ארויסגערוקטע אויגן, ווי בא פייגל, און פארכידעשט געהערט א רעדע וועגן די ברויט־פארגרייטונגען אין וו.ס.ס.ר. די טעלעפאָן־רעדלעך זײַנען בעגאנגען פון אויער צו אויער, און איבער אַלע שטיבער איז ארומגע־לאָפן דער פארסמײַעטער פאלקע, געוויזן און אָנגעפירט מיט דער הערערײַ.

דער פעטער יודע איז דאָרטן בא זיך אין שטוב צוגעפאַלן מיט א מין מעשוגאעס צו דעם ראדיאָ. ער האָט אָנגעצונדן אַלע עלעקטרישע לעמפלעך אין שטוב, אוועקגעזעצט זיך מיט געשלאָסענע אויגן און גע־הערט. קיינער האָט שוין צו יענעם ראדיאָ ניט געקענט צוקומען, און אז צאלקע האָט דערזען בא אים טרערן אין די אויגן, איז ער ארויס צו פעטער זישע דערקונדיקן זיך, וואָס דער טאטע זײַנער הערט דאָרטן.

עס האָט געשפילט א וויאָלינטשעל אין מאָסקווע.

דעמלט האָבן זיך שוין אַלע געפונען בא פעטער זישען, געקליבן זיך, מיסטאָמע, הערן זײַן מיינונג וועגן דער זאך.

כײַעלע איז אראָפּ זיך נאָכפרעגן, צי מעג זי הערן ראדיאָ און צי דאָס קען ניט אמאָל פארשאטן איר קינד. פאלקע האָט זיך אף איר אָנ־געבייזערט און גענומען דערקלערן, לויט דער פיזיק, אז דאָס געזאנג וועט בא איר ניט דערגיין ביז צום בויך, אָבער דאָ האָט די מומע גיטע איבערגעריסן אף א רעגע דעם ראבאָנישן שווײַגנס און איר טאקע געאייצעט, אז זי מעג, נישקאָשע, מיט דעם ראדיאָ אָפּווארטן ביז נאָכן קימפעט.

פאלקע האָט געזיגט. אפילע פעטער זישע האָט קיין וואָרט ניט גע־זאָגט. קיינע שום אינצידענטן, ווי דעמלט באם אײַנפירן די עלעקטרע, זײַנען ניט פאָרגעקומען.

אפמאָרגן האָט די באָבע באשע עפּעס יע באמערקט דעם פלאָקן אפן דאך, איז זי אוועקגעקראָכן איבער די שטיבער מאכן אן אויס־פאָרשונג וועגן דעם איניען, און כוישעד געווען האָט זי פאלקען, אז ער האנדלט מיט טויבן... טאָנקע, וואָס האָט שטארק ליב געהאט פאר־נעמען זיך מיט דער באָבען, האָט זי נאָכדעם אינצווונט אוועקגעזעצט באם ראדיאָ, אָנגעטאָן אף איר אויסגעאָכנעט קעפּעלע די רעדלעך, אָבער די באָבע האָט, ליידער, גאָרנישט געהערט און גאָרנישט פאר־שטאנען.

*

דעם ראדיָאָ־אפּאראט האָט זי אָנגענומען פאר א וואנטזייגער.

סענטיאבער כוידעש. דורכזיכטיקע טעג און קילע ווײַסע נעכט. עס שמעקט מיט נאסע לײדיקע פעלדער. אין די פענצטער איז גראָ. גראָד איך די קילע געל־דורכזיכטיקע טעג האָט זיך בא פאלקען אָנגעצונדן די פאנטאזיע. ער פארפולקאָמט דעם ראדיָאָ און הערט שוין איצט קימאט גאנץ אייראָפּע. ער לערנט מאָרזעס אלעפבייז. ער גרייט זיך פאר א קורץ־כוואליעניק.

און אין די קילע זילבערנע נעכט, בייס בלויז עלעקטרישע שײַנען שאָרכן איבערן ברוק פון רעבזועהויף, עפענען זיך אײַליק די קליינע פּאָרטקעס פון די שטיבער און צעהאָצטע זעלמעניאנער שרײַען זיך איבער:

— האלאָ! האלאָ! האלאָ!

— בערלין!

— מאָסקווע!

— ווארשע!

— בוקארעסט!

# 11

## סאָניע דעם פּעטער זישעס.

וואָס איז מיט סאָניע פּעטער זישעס, די, וואָס אַרבעט אין פּאָלקאַמפּין, זי איז טאַקע אַ מענטש, צי ניט?

לויט האַלטן, אַז זי איז אַ מענטש.

פאַרוואָס איז איר שטענדיק אַביסל קאַלט? פאַרוואָס זיצט זי אויפן סאָפע אײַנגעוויקלט אין שאַל און טולעט זיך? דאָס האָט זי באַקומען בירושה פון דער מומע גיטען, וועלכע האָט אַרײַנגעשמוגלט צוגעפרוירן ראַבאָניש בלוט אין דער מישפּאָכע.

סאָניע פּעטער זישעס האָט אַ צווייטע הויט פון אַ זעלמעניאַנערן, דערצו האָט זי אַ פּאָר גלאַנציק בלויע ווײַסלעך, וואָס לײַכטן דערהויפּט באַנאַכט, און נעמען שטאַרק אויס אין פּאָלקאַמפּין.

מענטשן פון 35 יאָר און עלטער האָבן זי שטאַרק ליב.

עס טרעפט, אַז זי קומט אַרויס פון פּאָלקאַמפּין, גייען איר נאָך עטלעכע פינף ספּעצן; זי טולעט זיך און גיט צו זעם אַ שמייכל, און צו דעם אַ שמייכל, און צו דעם אַ שמייכל, און צו דעם אַ שמייכל דערנאָך צעגייען זיי זיך אַלע עסן מיטיק.

אין הויף האָבן זי עטלעכע אויך אַלע ליב, נאָר קיין לאַנגע מאַכזאַקעס פירט מען ניט מיט איר — זי האָט אין זיך שטאַרק פרעמדע נענג, ניט קיין זעלמעניאַנישע. וואָס דאַרף מען מער? אַפילו פאַר טאָגקען, וואָס זי שלאָפט מיט איר אין איין בעט, איז זי אויך אַביסל אַ פרעמדער מענטש. אַגעוו, האָט מען טאַקע ניט ווען זיך דורכצוּוואַרפן מיט אַ וואָרט אויך, וואָרעם שלאָפן לייגט מען זיך אויך באַזונדער, און בלויז שפּעט באַנאַכט קען מען אַמאָל הערן אַ פאַרשלאָפענע שטים פון בעט אַרויס:

— אוי־אוי, נעם צו די קאַלטע פיס!

*

אינדערפרי נעמט זיך סאָניע פעטער זישעס צום טואלעט. זי לייגט ארויס אפן באנק, נעבן דער קילע וואסער, פארשיידענע זייפן, בער־שטלעך, פראָשעקלעך. זי אײַלט זיך ניט און וואשט זיך פאוואָלינקעס מינקס א שאָ.

אף דידאָזיקע אלע ניקלענע שמאָכטעלעך טוען דעם פעטער זישעס אויגן קוקן קרומלעך, נאָר אזוי ווי מע דארף נאָכגיין די היינטיקע וועלט, האָט ער צו דעם קיין אָפענע טײַנעס ניט. עס פרעגט זיך נאָר, צו וואָס אזא מיר קען דערברענגען?

סאָניע פעטער זישעס וועט אָבער ניט פארווארפן כאסוועשאָלעם קיין איבעריק וואָרט.

שטיל,

ווי

א טויב.

אינעם רו־טאָג זעצט זי זיך אוועק אף דער סאָפע און רייניקט די נעגל. נאָכדעם וויקלט זי זיך איין אין דער מומע גיטעס ווארעמער פאטשיילע, טולעט זיך איין, און לייענט א בוך.

פארנאכט קומט צוגיין דער הויכער, ברייטער ווײַסרוס. ער זעצט זיך אויך צו נעבן סאָפע. אין דער בלויער טונקלעניש רעדט מען דאָרטן אמאָל ארויס א שטיקל וואָרט, מע לאכט שטיל, און אמאָל דאָס אויך ניט.

— טורגעניעווא טשיטאיעש? — פרעגט ער מיט זיסן פאָרוואורף. — אָסטאַח!

— פריעקראסנאָ פישעט, — ענטפערט סאָניע פעטער זישעס, — טשוטיאָ קאקאָיע! קאקאיא גארמאָניא קראסאָק!

אויב די שויבן זײַנען לויטער בלאָ, די שטיקער מעבל שטייען, ווי גראָבע שאָטנס ארום די ווענט, קערט זיך אום סאָניע דעם פעטערס זישעס אפן פלייצע, פארווארפט די הענט אהינטערן קאָפ, און זעט פאר זיך אן אומקלאָרן הייסן כאָלעם, וואָס רירט איר אָן מאמעש די הויט אפן גאנצן לײַב. עס בענקט זיך. דאָס הארץ הויבט אָן שטארקער צו קלאפן. דערבײַ זיצט פאוועל אלשעווסקי (מע רופט אים פאוועל אלשעווסקי) מיט א פארגעפלטן לאנגזאמען פאָנעם, ווי א קליינער ווײַסרוסישער לאנד־

שאפע. ער זיצט אונטערגעשפארט דעם קאָפּ אפן שטול און פּילט, אַ
אויך ער גייט ארויס פון גלייכגעוויכט.

ער פארויכערט א פּאפּיראָס און בארויקט זיך.

פּאוועל אָלשעווסקי האט ליב סאָניע דעם פעטער זישעס פאר איר
ליִדישער שטילקייט. ער האָט ביקלאל ליב ייִדישע שטילקייט. אזוי האָט
ער זיך, דאכט זיך, אמאָל אויסגעדריקט פאר זיינעם א כאווער, דעם
פאָרזיצער פון סאלטאנאווער דאָרפסאָוועט. ער האָט ליב די ייִדישע
שטילקייט, וואָס שטראָמט אראָפּ מיט אזא ברייטער האנט פון דער
מומע גיטעס וועזן און וואָס אין גרינעם פארנאכט באקומט עס דורך דער
מומע גיטעס טאכטער ליידנשאפטלעכן לאָשן פאר א פויעריש הארץ.
אזוי זיצן זיי.

דער ווייסרוסישער אָרעמער פארנאכט שפּילט, ווי אף א הילצערנעם
פייפל. דורך די שויבן רינט אריין א בלוי־לילאָווע שיין, אזא, וואָס
מען זעט זי איבערגעכאזערט נאָר אף די פויעריש־געוועבטע טיכער פון
די ווייסרוסישע דערפער. עס גיסן זיך איבער אין שטוב די דינסטע
שאָטנס, און דאָ נאָענט לייכטן אראָפּ פון סאָפע א פּאָר ווארעמע פאר־
וואָרפענע הענט און גלאנציק בלויע ווייסלען, וואָס גליִען איצט מיט
אומרויִקייט.

קימאט שטענדיק אין אזא שאָ טוט זיך פלוצלונג אן עפן די טיר,
פעטער זישע טרעט אריבער די שוועל און פרעגט:

— פּאַטשעמו נע זאזשיגאיעטע לאמפו? עטאָ זשע עלעקטרע.

און מיט א פרעמדן שמייכל אף דעם ערנסט אָנגעצויגענעם פּאָנעם:

— קאמאָ פעאָמים האָב איך דיר שוין געזאָגט, אז דו זאָלסט מיר
ניט ברענגען קיין ארייִלים צו מיר אין באַיִס אריין!

דערנאָך פארענדיקט ער אף טיף רוסיש:

— טאָווארישטש, מאָיא זשענא מאָזשעט וואס פּאסטאוויט סאמאָוואר,
פּאָזשאלויסטאָ!

נאָך אזא פרייִנטלעכער איבערגעגעבנקייט מיצאד דעם פעטער זישען,
טראָגן זיי זיך אָפּ וואָס גיכער פון שטוב. סאָניע קומט אהיים שפעט
באנאכט. זי קריכט ארונטער שטילערהייט צו טאָנקען אונטערן קאָלדרע
און ליגט מיט אָפענע אויגן.

— אוי־־אוי, נעם צו די קאלטע פיס!

סאָניע ליגט מיט אָפּענע אויגן ביז סע נעמט שאַריען אַף טאָג. זי טראַכט. זי איז זיך מעיאשעוו אין דער טיפער נאַכט וועגן א וויכטיקן איניען. זי ליגט און שלאָגט זיך מיט דער דייע.

איינמאָל, אַז די זאַך איז סאָפּקאָלסאָף באַשלאָסן געוואָרן, האָט זי צוגעמאַכט די אויגן און איז טאַקע באַלד רויִק איינגעשלאָפן.

א ליוב צו די זעלמעניאַנער, וואָס נעמען אָן וויכטיקע באַשלוסן אַף די געלעגערס און זײַנען בײַעכוילעס באַלד אײַנשלאָפן!

*

אין א פּאָר נאָכע טעג אַרום איז פּעטער זישע אַראָפּגעפלויגן אין א צעשפּילעטער קאַפּאָטע פון הויף. ער האָט שטאַרק אונטערגעהונקען, ווי א וואָראָנע מיט אונטערגעבראָכענע פליגלען. פּעטער זישע האָט זיך געלאָזט לויפן צו דער שטאָט.

א וואַסערדיקער ווינט האָט זיך אַרײַנגעקולעט נאָך אים אין שטוב אַרײַן, וואָס ער האָט געלאָזט אָפן, אָבער די מומע גיטע האָט שוין איצט יט געפונען פאַר נויטיק אופהויבן זיך און גיין צושליסן די טיר.

דער רעבזעהויף איז מיטאַמאָל פאַרפלייצט געוואָרן פון מענטשן.

— וואָס האָט שוין דאָרטן ווידער פּאַסירט בא די זעלמעניאַנער?

— נו, נו, א מישפּאָכעלע!

— וואָסי, דאָס זײַנען יידן, מיינט איר? — האָט אַרײַנגעזאָגט דער אמאָליקער ייִד מיט דעם קאָטיקענעם כייפעץ אפן קאָפּ — דאָס זײַנען דאָך קוזרים!

— פאַרוואָס עפּעס קוזרים? — גלאַט א ייִד פלוידערט.

— דאָ קאָכט דאָך בא זיי ווי אין א קעסל!

דערנאָך איז געוואָרן שטיל, ווי נאָך א לעוויִע. די זעלמעניאַנער זײַנען אַרומגעגאַנגען פאַרשמאַכט פון א נײַעם בראָך, ניט אויסצוזאָגן, ניט אַראָפּצושלינגען.

— סטײַטש, סטײַטש, בא אונדז זאָל עס גאָר טרעפן!

*

פאַלקע איז אַרײַן צו בערען מיט א פאָרשלאַג, אַז מע זאָל פאַר דעם אַלטן דאָר אופקלערן דעם באַטײַט פון סאָניעס טאַט, געבן די ריכטיקע אײַנשטעלונג.

— איז וואָס זשע ווילסטו צונויפֿפֿירן א פֿאַרזאַמלונג? — האָט בעריש געפֿרעגט.

— אָט דאָס וויל איך.

אף דעם האָט פֿאָלקע קיין ענטפֿער שוין ניט באַקומען.

בערע האָט געקוקט מיט א זײַטיקן פֿאַרטראַכטן בליק און ער האָט זיך ניט געמישט. ער האָט אַדורכן פֿאַרלאָפֿענעם מויער־פֿענצטערל אַראָפּגעקוקט אין האַרבסטיקן הויף, שווער א טראַכט געטאָן וועגן דער באַלעבאָטישער סאָניען, אַז צום פּראָלעטאַריאַט האָט זי סימפּאַטיע קיין שמעכעס ניט, כאָטש זי וועט שלאָפֿן מיט א פּויער, און די גוטע גאָלד, וואָס אָט דער פּעטער פּאָליע, וועלכער קומט איצט אָן פֿון דער אַרבעט מיט דעם אויסגעליידיקטן טאָפּ קאַרטאָפֿלעס אונטערן אָרעם, איז אים אַזאַך נעענטער צום האַרצן.

ער האָט געעפֿנט די פֿאָרטקע:

— פּאָליע, קום אַרײַן אַוועלע, מירן מאַכן א גלעזל טיי!

פּעטער פּאָליע האָט אויפֿגעהויבן דעם ביינערדיקן קאָפּ צום פֿאָרטקע. ער האָט זיך ניט געגלויבט:

— פּש... היגטעליגענציע מײַנע, טרינקט שוין אויך טיי...

— הער אויף, בולעך, כ'וויל מיט דיר ריידן פֿון דײַן טויווע וועגן.

דעמלט האָט פּעטער פּאָליע א הויב געטאָן צו אים דעם קאָפּ:

— וואַרט, בערקע, איכ'ל דיר נאָך ווײַזן, ווער ס'איז באַלעבאָס אין הויף!

*

אָנהויב נאַכט האָט זיך פּעטער זישע באַוויזן צוריק אין הויף. א שטילער און א בלייכער. ער איז אַרײַן שווײַגנדיק אין שטוב, איבערגעקערט מיטן פֿוס א בענקל נעבן אויוון און אַראָפּגעזעצט זיך; מיטן פֿינגער האָט ער אָנגעוויזן דער מומע גיטען, זי זאָל אים אַראָפּציִען די שיך און זעצן זיך אויך דאָ נעבן אים אף דער ערד.

די מומע גיטע האָט א שלוכץ געטאָן טיף אין גאָרגל, א טרוקענעם שלוכץ געטאָן אָן טרערן, נאָכדעם האָט זי אים אַראָפּגעצויגן די שיך און זיך צוגעזעצט מיט איר דאַרן לאַנגן קערפּער האַרט נעבן אים. זיי זײַנען לאַנג געזעסן באַם פֿינצטערן אויוון און געשוויגן.

איינציקווײַז האָבן זיך גענומען אַרײַנגאַנווענען זעלמעניאַנער, פאַרטאָנענע זעלמעניאַנער אַזוינע, פּונקט זיי וואָלטן זיך בלויז אַרײַנגעכאַפּט אָנוואַרעמען.

דער פעטער איז געזעסן קורץ און צונויפגענומען, ווי אַ פליישקלעצל, געשטאַרט אַף אַרום מיט די אויגן, און, דאַכט זיך, אַז ער האָט קיינעם ניט געזען אַרום זיך: דער ביזאָיען איז געווען גרויס. ער איז געזעסן און געטראַכט, אַז שולדיק אין אַלעמען זײַנען עפּשער די זעלמעניאַנער, אָט די גראָבע פליגלען, וואָס פאַרשטייען זיך ניט אַף אים און אַף זײַנע אײַנגעגעבענע טעכטער.

אַלטע שאָטנס האָבן זיך געצויגן איבער די ווענט (הײַנט האָט דאָ געברענט אַ פינפער־לעמפּל) מיט די קעפּ פאַרבויגענע אַפּן באַלקן, ווי אופגעהאַנגענע שמאַטעס; אונטער זיי זײַנען געזעסן די אוויילים מיט פאַרבראָכענע הענט און זיך ניט געוואָלט טרייסטן.

אַגעוו, האָט קיינער זיך ניט אײַנגעשטעלט זאָגן אַ גוט וואָרט פעטער זישען,—דעם קאָפּ פון דער מישפּאָכע נאָך רעב זעלמעלן אָלעוואַשאָלעם; און דאָס איז אַן איבעריקער באַווײַז, ווי שווער ס'איז צו זײַן אַ ווענווײַזער אַפילע אַף אַזאַ קליינעם שטעטן, ווי דער רעבזעהויף.

מען איז געזעסן און געשוויגן.

*

פעטער יודע האָט שפּעט באַנאַכט אַן עפּן געטאָן די טיר. ער איז געבליבן באַם שוועל מיט די אויגן אַריבער די שפּאַקולן און גענומען גלאָצן אַהין, צום פינצטערן אויוון, ווו דער געשלאָגענער ברודער איז געזעסן מיט אַ שטומען פּאָנעם און געמאָנט יוישער באַ דער וועלט. פעטער יודע האָט איצט אויסגעזען, ווי רעב ייִסראָל סאַלאַנטער, זיכּרוינע צאַדיק ליוורכע, געשמיסן מיט די שאַרפע אייגעלעך זײַנע, ווי מיט אײַזערנע ריטער, אַזוי, אַז פעטער זישע האָט טאַקע ניט אויסגעהאַלטן. פעטער זישע האָט פלוצלונג פאַרדעקט דעם פּאָנעם מיט די הענט און גענומען שטאַרק העשען. דעמלט האָט פעטער יודע צו אים רויִק אַ זאָג געטאָן:

— באַלגיווע, אַלעמיי פאַרדעקסטו דעם פּאָנעם?

דאָס איז געזאָגט געוואָרן שטאַרק ניט צודערצײַט, די זעלמעניאַנער זײַנען געבליבן פאַרטייעט מיט אָפענע פולציינערדיקע מײַלער.

פעטער זישע איז שוין אָבער קענטיק געווען טיף געשלאָגן, האָט גאָר־נישט געענטפערט און ניט אראָפּגענומען די הענט פון פּאָנעם. זײַנע אקסלען האָבן געצוקט. פּלוצלונג האָט ער א קער געטאָן דעם קאָפּ, דאָס היטל איז אראָפּגעפאלן צו דער מומע גיטן אין שויס, און ער, דער פעטער גופא, איז אנידערגעפאלן, ווי א בערוועגע, אין כאלאָשעס, פעסט און טיף, אז מען זאָל אים שוין ניט קענען אזוי לײַכט אָפּמינטערן.

אָט אזוי פירט זיך שוין פעטער זישע פון שטענדיק: טאָמער האָט ער ניט קיין אויסוועג, מאכט ער דעם כאלעש און בלײַבט סאָפּקאָלסאָף דער געדעכטער.

א כיטרע זאך פון א זעלמעניאנער!

*

און פעטער יודע, וואָס איז מיט פעטער יודען?

בייס די זעלמעניאנער זײַנען ארויס אהיים שלאָפן, האָט ער דאָרטן אפן הארבסטיקן זילבערנעם גאנעק פארקאשערט די ברילן אפן נאָז און א זאָג געטאָן צו אלעמען:

— נו, איז וואָס איז שוין, פּראָיִם, אז מען נעמט א גוי? האָבן מיר די גוטע יאָר, וואָס א גוי איז בעסער פון א ייִדן. אי וואָס, מע האָט מוירע פאר גאָט? — האָט ער א קוק געטאָן אפן הויכן אויסגעשטערנטן הימל, — איז נאט אײַך גאָט!

און ער האָט ארויסגעשטעלט ארויף צום הימל א גרויסן, סטאָלערישן פײַג.

דער אוילעם איז געבליבן געפּלעפט, אויסגעשפּיגן און שטיל־שטי־לערהייט אָפּגעטראָגן זיך אהיים.

— וואָס איז דאָ צו ריידן. מעשוגע, מעשוגע אף טויט!

פעטער יודע, מוז מען מוידע זײַן, איז טאקע א מאָדנער מענטש.

# 12

## דער רעבזועהויף דעמאָנסטרירט.

פאַראַנגען יעדיִעס, אז טיילן פון דער מאנעווורירנדיקער רויטער ארמיי קלייַבן זיך אדורכגיין די שטאָט.

די פאראייגען האָבן זיך געגרייט צו א פייַערלעכן קאבאַלעספאָנים. עס האָט געפלאַטערט די רויטע פאָן איבער דעם רעבזועהויף.

איינאָוונט איז פעטער איטשע געקומען פון קוסטארן־קלוב מיט פרישע נייַעס. ער האָט דערקלערט פאר דער מומע מאַלקעלען די פאָליִטיק פון טאָג, און האגאם די מומע פלעגט באקומען יעדן טאָג די בלאט, איז דאָך אין ריין פאָליטישע פראגן דער פעטער איטשע געווען שטארקער פאר איר. ער האָט זיך פון צייַט צו צייַט פאנאנדערגעקליבן אין פאָליטיק. איצט האָט איר דער פעטער געגעבן צו פארשטיין, אז דער וועלט־אימפעריִאַליזם גרייט אן אָנפאַל אף דעם פ. ס. ס. ר. מיר, פון אונדזער זייַט, מוזן פארשטארקן די שוצפעיִקייַט פון לאנד, און דעריבער וועלן אויך מיִר, די קוסטארן יעכידים, ארויסגיין דעמאָנסטרירי לעקאָוועד דער רויטער ארמיי.

— זע, מאַלקעלע, — האָט ער צוגעגעבן, — זאָלסט מיר צוגרייטן א פּאָר וואָלענע זאָקן, איך זאָל זיך, כאסוועשאָלעם, ניט צוקילן אין דערדאָזיקער נעץ.

— אזא מאכער ביסטו דאָס, — האָט אים די מומע א שטאָך געטאָן, — וואָס דו גייסט אף מילכאָמע נאָר אין וואָלענע זאָקן?

— נאר איינע, — האָט זיך פעטער איטשע פארשעמט און זיך שיר ניט צעבייזערט, — אָפּהיטן ס'געזונט דארפן אלע. און צוריק גערעדט, פון ועמען מיינסטו האָט בערע געיארשנט די טריוואלנעקייַט, פון דיר, וואָס?

— ניין, פון דיר!

— דארפסטו וויסן זײַן, מאלקעלע, אז בערע איז אינגאנצן איך!

די מומע מאלקעלע האָט אים נאָכגעגעבן, האגאם זי איז געבליבן בא דער אלטער מיינונג, אז פעטער איטשע איז ניט קיין שטארקער בעריע אין די געשלעגערײַען. פאר דער צײַט פון זייער לעבן האָט זי זיך נאָר איבערצײַגט, אז דער פעטער איז עפעס יאָ א שטיקל אופטוער אינדערהיים, א שטיקל מאנצבל ביז הײַנטצוטאָג, און ווײַטער גאָרנישט.

נאָר דאָס וועט אים די מומע ניט זאָגן גלאט אין דער וועלט ארײַן.

*

רעשטלעך ווײַטע מארשן האָבן געבלאָנדזשעט אין פארשיידענע ריכטונגען פון שטאָט. עס האָט געפלאטערט די רויטע פאָן איבער דעם רעבזעהויף. אין די שטיבער האָט מען זיך געפוצט. קליינע גרופקעלעך פארשפעטיקטע ארבעטער, אומעטום, אף אלע ראָגן פון די גאסן, האָבן געײַלט ערגעץ ארײַנגיסן זיך אין זייער פאריין.

פעטער פאָליע איז אין אפאָר גלאנציקע שטיוול אראָפּ פון הויף, געווישט ברייטלעך דעם וואָנץ נאָכן עסן און ארומגעקוקט זיך מיט טיפן ביטל אף דעם קוסטארישן געמויזעכץ, וואָס פאר אים איז בע־שומויפן ניט צוטריטלעך דער הײַנטיקער יאָנטעוו פון פראָלעטאריאט.

— וואָס אָט די שמיגעגעס פארשטייען שוין אין דער רויטער אר־מיי,—האָט ער געשמייכלט אינעווייניק,—אף א כאזן, זעסטו, איז מען דאפקע מעווינים, אָט דאָס יע!

די גײַווע פון דעם פעטער פאָליען האָט שוין טאקע איבערגעכאפּט די מאָס, און ער איז לאכלוטן ניט געווען גערעכט, וואָרעם פעטער איטשע האָט נאָך באגינען ארופגעצויגן צוויי פּאָר וואָלענע זאָקן און בא אָט דער געלעגנהײַט ווידער א צופּ געטאָן מיט דעם שערעלע דאָס בערדל, וואָס האָט, אגעוו, אין דער לעצטער צײַט געגומען בא אים שטארק אײַנפאלן, אזוי, אז דער עלטערער אוילעם האָט שוין גענומען קוועטשן מיט די פּלייצעס.

די האכאָנעס זײַנען געווען גרויס.

אויב עס איז עפעס יע צו באוווּנדערן, איז עס דער פאל מיט פעטער זישען, מיט אים, וואָס האָט זיך אזוי שטארק געעלטערט פאר די לעצ־טע עטלעכע טעג און איז נאָר ארומגעגאנגען שווײַגנדיק בא די ווענט. אויך פעטער זישע האָט פּלוצלונג ארופגעוואָרפן אף זיך דעם אויבער־

בעגעד, גענומען דעם גראָבן שטעקן אין האַנט און אַ זאָג געטאָן צו דער מומע גיטען:

— מע דאַרף אויך צוגיין, וואָרעם אין דער מײַסע, זעסטו, האָב איך שוין אַ גרעסערן כּייליק פֿון זיי אַלעמען...

עס זײַנען איבערגעבליבן אין הויף בלויז דרײַ פּראָוויאַנטצימער: פּעטער פֿאַליעס טרויעריק ווײַבל (מע רופֿט זי טאַקע כיענע, ניט העניע), די מומע גיטע און די באָבע באַשע. מיט דער באָבע באַשען האַלטן מיר אַגעוו, ניט שלעכט. פֿאַר די לעצטע כאַדאָשים האָט זי צוריק באַקומען יוגנטלעכע קראַפֿט. זי שטייט גאַנצע טעג באַם פֿענצטער צום גאַס, ווי אַ פֿייגעלע אין אַ שטײַגעלע, און קײַט ברויט.

*

שווערע אָרקעסטערס האָבן געפֿויקט ערגעץ אין די ווײַטע גאַס. עס האָבן שוין אָוועקגעמאַרשירט צום באַן די געזעצטע מעטאַליסטן די כמורנע, ברייטע גאַרבער, די פֿריילעכע שנײַדער. איצט זײַנען גע־גאַנגען געמישטע פֿאַריינען. פֿון אַ זײַטיקער גאַס האָט זיך אַרויסגעריסן מיט אַ געזאַנגער אַרבפּאַק; די טשופּרינקעס האָבן געטאָרטשעט פֿון אַהינטער די היטלען, די רויטע פּאַטשיילקעס האָבן זיך געהוידעט צווישן זיי, ווי אילומינאַציע־פֿײַערלעך.

די יוגנט! די יוגנט! די יוגנט!

פֿאַלקע פּעטער איטשעס אײַנמיטן האָט געשפּאַנט מיט לאַנגע טריט און אַרײַנגעקוקט דערבײַ אין אַ בוך. ער האָט דאָך קעסיידער שטודירט! עס האָבן געבלאַנקט מעשענע היט פֿון פֿײַערלעשער.

דערנאָך זײַנען אַרויס די קוסטאַרן מיט די בעריד, מיט די לאַנגע פֿענימער, מיט די קײַלעכדיקע פּלייצעס. פֿאָרויס האָט זיך געשלעפּט זייער אַלטער, אָפּגעניצטער אָרקעסטער, מיט אַ פֿאַרלאַטעטן פּויק, מיט אַ ריזיקער ניטאָפּגעשײַערטער טרובע, וואָס האָט שטום געבורטשעט אויף דער וועלט.

פּעטער איטשע (אײַ צעהאָצט, אײַ צעהאָצט!) איז געגאַנגען באַלד נעבן דעם אָרקעסטער. דער קאָפּ פֿאַריסן, מיט אַ וואַזאָן אונטערן אָרעם — אַ מאַטאָנע פֿאַר דער רויטער אַרמיי. איצט האָט ער טאַקע אויס־געזען ענלעך צו בערען.

פאמעלעך זײַנען געגאנגען די קוסטארן, געהויבן באדאכטע פיס, ווי זיי הויבן באדאכט די העמערלעך אין דיווארשטאטן, געכאפּט א שמועס וועגן פּאָליטיקע און זיך געלאָזט ווילגיין. אָפּגעזונדערט פון אלעמען, [אינמיטן דער שיטערער קאָלאָנע, איז אויך געגאנגען דער פארכמורעטער פעטער זישע, געשטרעקט פּאָרויס דעם באלעבאטישן שטעקן זײַנעם, אָפּגעשטעלט זיך און געשפּילט דעם קאפּטן ארום האלדז, קעדיי לײַכטער כאפּן דעם אָטעם. ער איז, נעבעך, ניט געווען געוויינט צו מארשירן אין די פוסטריט פון פּראָלעטאריאט.

*

ערגעץ ווײַט, אין די ערשטע רייען פון דער דעמאָנסטראציע, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט א ברייטער פארדומפּטער הורא־געשריי, ווי עס וואָלט זיך טויב אָפּגעשאָטן א שטיק פון א זאמדיקן בארג.

עס איז שטיל געוואָרן. די קוסטארעס האָבן זיך צעשטעלט בא די זײַטן—דורכלאָזן די אָנקומענדיקע רויטע רײַטער.

אזא שטילקײַט האָט פעטער זישע געהערט נאָר בא נילע.

מיטאמאָל האָט דער פארלאטעטער פויק עפּעס ווי א הוסט געטאָן מיט גאָר די קויכעס; פונווײַטן האָבן אָנגעהויבן קלאפּן פּאָדקעוועס פון פערד; די גאנצע גאס איז אויסגעמישט געוואָרן אין רויטע פלעקן, אויגן, געלעכטער, מעשענע טרובעס. א כוואליע האָט עס אלץ געטראָגן, געהויבן און געשלעפּט מיט אימפּעט צום שטאָט.

אזא שטורעם פון קוילעס האָט פעטער זישע אויך קיינמאָל ניט געהערט.

ער איז אוועקגעשטויסן געוואָרן מיט אלעמען, אויך אָנגעהויבן עפּעס שרײַען, און אף אן אויגנבליק א טראכט געטאָן, אז ער איז א באָלשעוויק. ער גייט מיט דער פאָן! האָט עס אים געשראָקן און האנאָע געטאָן, ביז ער האָט זיך ניט ווי עס־איז ארופגעכאפּט א צע־טומלטער אפן טראָטואר, אויסגעגלײַכט די צעפלויגענע באָרד, און א פארשעמטער באלד אָפּגעקערט אין א זײַטיקן געסל.

פעטער זישע האָט זיך דאָרטן ארומגעקוקט, צי לײַטישע מענטשן האָבן אים ניט געזען אין זײַן שאנד. אן אײַנגעבויגענער איז ער נאָכדעם אוועק איבער דעם אויסגעליידיקטן בלויען געסל, אָנגעשפּארט אף זיין באלעבאטישן שטעקן.

יאָ, פעטער זישע איז פאַר דער לעצטער צײַט שטאַרק עלטער געוואָרן.

א ליוב אָבער צום צווייטן פעטער, צו פעטער איטשען, וואָס האָט זיך אין דער הייסער מינוט ניט פארלאָרן. מיט אלעמען אין כאָר האָט ער היטספּייּלעסדיק געזונגען רוסישע לידער. נאָכמער: ער האָט געפּאָכעט מיט די הענט צום טאַקט פון ליד און אפילע געלערנט אנדערע, ווייניקער פעיִקע קוסטארן, ווי אזוי צו זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער מיט דעם כאַזאָנישן קוועטש. פעטער איטשע איז ארײַן אין טראַנס. ער האָט געשאפן אָרדענונג ארום זיך. ער איז געווען דער דייפעק פון דער דעמאָנסטראציע.

נאָכדעם, אז די ערשטע היסלאָוועס איז אריבער, האָט ער זיך דורכגעשטופּט מיט דעם וואזאָן איבערן קאָפּ און עס איבערגעגעבן פייערלעך א רײַטנדיקן, לאכנדיקן קאָמאנדיר, אין נאָמען פון די אלע קוסטארן יעכידים.

— דא זדראסטוויעט סאָוועטסקאיא וולאסט!

פעטער איטשע איז געווען אמאָל אין אנאָוועגע צעהאָצט.

דער קאָמאנדיר איז אראָפּגעשפּרונגען פון פערד, אָפּגעפּליקט א בלימל פון וואזאָן און גענומען אין אײַלעניש זוכן באַם פעטער איטשען אין לאַץ א פאסיקן אָרט פאַר א בלום. דעמלט האָבן באַם פעטער שיר ניט א שפּריץ געטאָן טרערן פון די אויגן; ער האָט זיך אויסגעגלײַכט מײַסע סאָלדאַט, און מיט א ציטערנדיקן קאָל געזאָגט:

— מאָי סין בערקא טאָזשע באָלשעוויק!

דער קאָמאנדיר האָט אים א פּאַטש געטאָן אין פּלייצע, ארופגעכאפּט זיך אפן פערד, און פונוויַיטן האָט ער נאָך געמאכט צו אים מיטן האנט, געגריסט אים, דעם פאָרשטייער פון אלע קוסטארן-יעכידים, אין נאָמען פון א דיוויזיע, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן אף שוימיקע פערד מיט דעם געדרוך פון סטעפּעס, ראָזעווון ברויט און קליינע ווארעמע כאַטעס.

*

עס איז פארגאנגען דער טאָג. שטיקער פון דער דעמאָנסטראציע האָבן זיך גענומען אָפּרײַסן, צעפאלן פון אינעווייניק. צווישן די קאָלאָ־

געס האָבן זיך געשאפן פוסטע גריבער. איינציקע וואָכעדיקע שטימען. מען האָט אופגעשטעלט די קאָלנערס און געיילט אהיים.

דעם גאנצן אָוונט איז שוין פעטער איטשע געזעסן א פארשוויצטער, אָן אן אויבערבעגעד באם טיש, געגאָסן אין זיך גלעזלעך טיי פון הליאק און זיך אלץ בארימט פאר דער מומע מאלקעלע מיט זיינע אופטועז, ווי אזוי ער האָט פארהיט דעם האמוין פון פארשיידענע גרויסע אומ־גליקן, ווי אזוי ער האָט נויסעכיין געוועז בא איינעם א קאָמאנדיר, און יענער האָט פון אים ניט געוואָלט אָפטרעטן. דערנאָך האָט ער איר שוין פאר איין גאנג דערקלערט, ווי מע שיסט פון קוילנווארפערס, פון הארמאטן, ווי מען פירט יאם־שלאכטן, ווי מע דארף זיך באגיין מיט מאנקן, ביז ער איז ניט שפעט אין דער נאכט, אלץ ריידנדיק און דער־ציילנדיק, ארייַנגעקראָכן צו דער מומע מאלקעלע אין בעט.

די מומע מאלקעלע איז געבליבן בא איר אלטער מיינונג, קיין גרויסער שלעגער איז ער ניט, האגאם זי האָט געהאלטן, אז ער איז נאָך אלץ אן אופטועז באנאכט, א שטיקל מאנצבל ביז היינט צו טאָג, און ווייטער גאָרניט.

# 13

## שילױעס.

די יוגנט (שילױעס) האָט ליב אויסגעגייטע העמדלעך און קוטש־מעס האָר. די יוגנט (שילױעס) האָט ליב טראָגן א רעוואָלווער לעפּאָשע אין דער הינטערשטער קעשענע. זי האָט ליב נעמען א שטיק קאָלבאַס מיט ברויט און, שטייענדיק ארום טיש, שטאָפּן שטארק אין די באַקן און טרײַבן דערבײַ כויזעק.

פון וועמען?

פון דאָוונאר־גלעמבאָצקען, דעם אלטינקן פּראָפעסערל, וואָס האלט אין איין טײַנען אף די לעקציעס:

— אַי, כעוורע, כעוורע, איך בין שוין א מארקסיסט, זינט דעם ערשטן צוזאמענפאָר.

באַראָווקע זאָגט:

— דאָוונאר גלעמבאָצקע שרײַבט ביכער, ווי א פײַערלעשער.

— פּראַווילנאָ!

— און דעריבער האָט ער ניט קײַן צײַט פאר אזא נארישקײַט, ווי באהערישן א וויסנשאפטלעכן מעטאָד...

— הערסטאָך, די רעוואָלוציע האָט אים געשטערט, אניט ווערט ער א פּאָפּעטשיטעל פון א אוטשעבנעם אָקרוג...

— טאָפּאָגראפיע האָסטו אָפּגעגעבן, באַראָווקע? — פרעגט ניוטע די קורצזיכטיקע.

— כ'האָב אָפּגעגעבן, כ'האָב אָפּגעגעבן.

— גלעמבאָצקעס „נאראָדנאיא וואָליא", — זאָגט טאָנקע, — איז א פּרוּוו צו באַרעכטיקן דעם רעכטן קאדעטיזם אונטער דער מאַסקע פון א „היסטאָרישער אויספאָרשונג".

— דו גייִ בעסער אריַין, טאָנקע, נאָך א טעלער קרויט צו דער מאמען, — דאָס זאָגט יאָשקע דער געלער, — וועלן מיר פארבײַסן, ווי קאָמפּאָט.

די יוגנט האָט, אפּאָנעם, ליב זויערע קרויט!

*

עס איז שוין נײַן אזייגער אינאָוונט. זי (די יוגנט) האָט ליב איצטער אויסזעצן זיך באם פעטער זישען אף דער סאָפע, זאלבעאכט, צתוי־פלעכטן זיך דאָרטן מיט די הענט און פיס און שטארבן פון געלעכטער.

— נעם צו דײַנע לעדער־אויסארבעטונגען, קרעמער־זון!

— באלעגופישער רעציִדיוו, סיִ דיר ענג דער פארזיי־שטעטעך?

— שווײַג, זשיד!

ניוטע די קורצזיכטיקע בעט, מע זאָל זי ארויסלאָזן. זי האָט א שוואך הארץ. ווער וועט עס ניט אנטקעגן קומען ניוטען? שטענדיק קומט מען איר אנטקעגן, אפילע אף אן אליארם קומט מען איר אויך אנטקעגן. באָראָוועקע טראָגט אלע מאָל פאר איר די ביקס און אלע מאָל שלעפּט ער זי ארויס פון די בלאָטעס, וואָס זי אליין געפינט זיי ערגעץ אויס.

ניוטע איז א גוטע, מען דארף זי האָבן אין ווונ. זי זעצט זיך אוועק מיט א נאָדל־פאָדעם, א באָכער פארקאשערט דעם רעקל און זי נייט אים אײַן קנעפּלעך.

אָ, קיינער איז ניט אזא טארעס אף קנעפּלעך, ווי די יוגנט!

די יוגנט (שיליועס), די יוגנט (שיליועס), די יוגנט (שיליועס)!

זי האָט אסאך קעשענעס און אומעטום שטעקט עפּעס: פּאָפּאָווס „געשיכטע פון דער פארטיי”, בלאָנסקעס „פּעדאָלאָגיע”, מילערס „ענג־לישער ווערטער־בוך”.

זי (די יוגנט) האלט זיך ארומגענומען און זי לערנט.

*

פעטער זישע איז ניטאָ אין שטוב, מאכמעס ער איז די לעצטע צײַט שטארק פארנומען מיט זײַן בראָך. מענטשן האָבן זיך ארײַנגעלייגט אין דער זאך, דעריקערשט עפּעס איינער א קאָרעוו פון דער מומע גיטעס צאד, א מעל־קרעמער, און ווי מע זאָגט, גייט שוין דער איניען אף א דערעך. עס האלט באַ א געט צווישן סאָניען מיט איר מאַן. פעטער זישע גייט

שטענדיק ארום מיט דעמדאָזיקן מעל־קרעמער ערגעץ אין שטילע געסעלעך, מיטאמאָל שטעלט מען זיך אָפּ איינע קעגן די אנדערע, בויך צו בויך, מע בייסט די נעגל, מע גלעט די בערד, און מע טראכט איבער נאָכאמאָל די זאך.

קלאנגען גייען ארום, אז דער אײדעם איז שוין מושווע געוואָרן אָפּצוגעבן סאָניען, נאָר ער וויל אביסל געלט; אנדערע ווילן האָבן פארקערט, אז אָלשעווסקי איז דאפקע א לייטישער מענטש, ער גיט זי אָפּ בעכינעם, נאָר די מעניע איז איצטער פון פעטערס זייט, וואָס ער פאָדערט באגיטיקן פאר אגמעסנעפּעש; ער וויל, נעמלעך, א פּאָר הונדערט קארבן.

אין רעבזעהויף ווייס אָבער קיינער ניט פון דעם, די מומע גיטעאוואדע ניט. זי זיצט גאנצע טעג איינע אליין אין שטוב און ריכט אָפּ איר שווייגנס בא די יעסנדיקע גראָע שויבן.

*

הײַנט האָט טאָנקע אָפּגעגעבן די לעצטע פארעכענונג אין וווז. זי באקומט די טעג א קאָמאנדירונג אף ארבעט, דאכט זיך, אזש קיין וולאדיוואָסטאָק; זיצט מען באם פעטער זישען אף דער אלטער סאָפע זאלבעאכט, און די יוגנט איז איר שוין מעקאנע.

ס׳איז טונקל באם פעטער זישען אין שטוב. די עלעקטרע ווען מיר ניט אָנצינדן. צו וואָס? איצט ווילט זיך זאָגן טאָנקען א פּאָר אופריכטיקע ווארעמע ווערטער אפן וועג:

— זאָג איך דיר נאָכאמאָל, טאָנקע, אז בא סטעפאנאָוון איז די קוואליטעט א סוביעקטיווע קאטעגאָריע.

— סוביעקטיווער אידעאליזם, בא וועלכן די מאטעריע איז אָביעקטיוו?

— און אז דעבאָרין אנערקענט די אָביעקטיווקייט פונעם אבסטראקטן, איז בעסער?

— דו, פארשאָלטענער מעטאפיזיקער! מען זאָגט דאָך דיר, אז דאָס אבסטראקטע טאָר מען ניט איזאָלירן פונעם קאָנקרעטן...

*

די מומע גיטע קומט ארײַן שטיל, און הויך, און שאָטנדיק. זי דארף איבערגעבן, אז צאלקע פעטער יודעס ווארט שוין אף טאָנקען

א הימשע ווײַלע אין דער צווייטער שטוב, איז עפּשער וועט זי שוין אַמאָל אַרויסגיין צו אים.

טאַנקע שפּרינגט אַראָפּ פֿון סאָפֿע.

מיט דעם צאַלקען איז טײַ אַזוי שלעכט, טײַ אַזוי שלעכט; ער שטייט אינמיטן שטוב מיט אַן אויפגעשטעלטן קאַלנער און רויכערט אַ באַנקרוטקע.

— דו ביסט פֿאַרנומען? — פֿרעגט ער בײַ טאַנקען.

— נו, וואָס?

— דו אײַלסט זיך?

— נו, וואָס?

די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס צאַלקע האָט אַ פּלאַן, אַז איצט נאָכדעם, ווי טאַנקע האָט געענדיקט, זאָלן זיי פֿאָרן ביידע קיין אָדעס. ער וועט דאָרטן דינגען אַ דירע נעבן יאַם, אַ ווילע, אַזוי טוען אַלע. אויפֿן באַלקאָן וועלן זיי זיצן און איטלעכער וועט זיך טאָן זײַן אַרבעט. זיי קויפֿן אַ טשײַניק, באַנאַכט קאָכן זיי אויף שוואַרצן קאַווע, לייענען די יונגע פּאָעזיע, פֿאַרברענגען, נו?

— אַ פּאַפּיראָס האָסטו?

ער האָט טאַבאַק אויף אַ באַנקרוטקע.

דערנאָך האָט זי אַזוי געזאָגט:

— די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס קוידעמקאָל רויכערט זי ניט קיין טאַבאַק פֿון אַ באַנקרוטקע. וואָס עס איז שײַען דער אָדעסער ווילע, רעדט עס צו איר ניט, אָבער אַבסאָליוט גאָרניט. זי איז ניט געוווינט צו לעבן אין ווילעס. דער אידעאַל פֿון טרינקען קאַווע און לייענען יונגע פּאָעזיע איז עפּעס אויך ניט צום האַרצן, וואָרעם, זאָגנדיק דעם עמעס, קאָן זי זיך באַגיין אָן פּאָעזיע אויך.

— נו, איז אַדעראַבע, וואָס רעכנסטו? — האָט צאַלקע געפֿרעגט, פּונקט טאַנקע איז מעכוייעוו עפּעס צו רעכענען.

— איך רעכן גאָרנישט, אייגנטלעך...

ער האָט דעמלט אַרויסגענומען די באַנקרוטקע און אַ פֿרעג געטאָן מיט שפּײַעכץ אין מויל:

— און וואָס רעכנט דײַן יאָשקע דער געלער?

זי האָט אויף אים מיִעס אַ קוק געטאָן און אַרײַן אין צווייטן צימער.

*

מיט דעם צאַלקען איז סײַ אזוי שלעכט, סײַ אזוי שלעכט. מען זאָגט, אז די ראָזע כאַלאָעס האָט אים די לעצטע צײַט אַף אזויפיל צוגע־דריקט, אז ער האָט זיך געמוזט לייגן צום בעט. ער איז געלעגן עט־לעכע טעג און שטיל געזיפצעט מיט א ניגן.

געזאנג איז דאפקע גוט צו דעם!

בלײַבן לענגער ליגן האָט ער אָבער ניט געקאָנט, איז ער ארויס וואנדרעווען איבער די גאסן. ער איז אויך צוגעגאנגען צום טײַך, ווו טאָנקע האָט זיך זומער געבאָדן, און עס איז אים דאָרטן נאָך אומע־טיקער געוואָרן, אליין בא דעם בלײַענעם וואסער, צווישן די אָפּגע־סערבעטע פעלדער. די לעצטע עטלעכע בוטשאנען זײַנען אָפּגעפּלויגן אדורך דעם נידעריקן נעפּל איבערן קאָפּ.

דעמלט איז ער פון טײַך אוועק גלײַך צו דער מומע גיטען און געזאָגט:

— איר ווייסט, מומע, אז אײַער טאָנקע הויבט מיר שוין אָן ניט צו געפעלן?

— וואָסי?—האָט זיך די מומע מעצאער געוועןׂ.

— ביכלאל. איר גאנצער פּיר. די כאַוויירים אירע.

— ניט קיין לײַטישע כאַווירים, זאָגסטו?

— איר ט'זען, איר ט'זען, קײַן נאַכעס וועט מען שוין פון איר ניט האָבן,—און צאלקע איז דערבײַ שטארק רויט געוואָרן.

וואָס זאָל מען טאָן? די מומע גיטע האלט דעם צאלעלן פאר אן איידעלן יונגמאן, ניט פון די הײַנטיקע שיליועס, אָבער זי מישט זיך ניט, וויבאלד, אז זי שווײַגט—שווײַגט זי.

*

די יוגנט (שיליועס), די יוגנט (שיליועס) די יוגנט (שיליועס!

זי זיצט מיט טארטשנדיקע טשופּרינעס, מיט אויסגעריסענע קנעפּ־לעך. זי זיצט באם פעטער זישען אף דער סאָפע. זי לאכט. טאָנקע פארבויגט דעם אָרעם און פרעגט:

— זע, באָראָווקא, בא מיר איז עפּעס א שטארקער מוסקול, צי ניט?

— און בא מיר?—פרעגט ניוטע די קורצזיכטיקע.

— און בא מיר?—פרעגט אנטשע.

— כאוועריטעס,—ענטפערט באָראָווקא, — דאָס זיינען ניט קיין מוס־קולן, נאָר קריוואָראָגער אנטראציט.

— שטאָל, וואָס ראָסט ניט,—זאָגט יאָשקע דער געלער.

— דאָס איז די קורסקער אנאָמאליע,—זאָגט באָראָווקא.

זי (די יוגנט) לאַכט.

טאָנקע קוקט זיך איין אין פענצטער און זעט, אז ס'איז א לעוואָנע־נאַכט.

— קומט,—זאָגט זי,—עס איז א לעוואָנע־נאַכט!

אינעם פּאָדערשטן צימער איז האלב טונקל. צאלקע פעטער יודעס זיצט דאָרטן אָנגעשפּארט אָן טיש און רויכערט א באנקרוטקע. ער קוקט, ווי עס שפּארן זיך לאַכנדיק

דורכן

טיר

די

אכט

שיליוס.

## 14

# שאָלעם.

ווי אזוי סאָניע פעטער זישעס איז דורכגעקומען מיט דעם טאטן איז בענוי ניט באוווסט. עס גייען ארום וועגן דעם פארשיידענע קלאַנגען. פאראנען א יעדיע, וואָס שטאמט פון דער מומע גיטען, אז נאָך לאַנגע אמפּערנישן מיט איר קאָרעוו, דעם מעל־קרעמער, זאָל פּאוועל אָלשעווסקי האָבן קלוימערשט צוגעזאָגט פאר איידעס, אז וויבאלד ער וועט זיך נאָר אביסל באפרײַען פון דער ארבעט, וועט ער זיך טייקעף נעמען און מעגײַער זײַן. אף ווי ווײַט דידאָזיקע יעדיע איז ווײַט פון עמעס, קען מען זען פון דעם, וואָס, ערשטנס, איז פּאוועל אָלשעווסקי ניט קײַן גלויביקער, א געוועזענער עס־ער, וועלכער האָט זיך שוין, אגעוו, אויסגעוואלגערט אין אלע טפיסעס, און, צווייטנס, איז דאָס איבערגיין אף דער ייִדישער עמונע פארבונדן פאר א מאנצבל מיט געוויסע שוועריקײַטן, וועגן וועלכע עס ווילט זיך ניט מײַרעך זײַן.

שוין נעענטער צום עמעס איז א צווייטע ווערסיע, אז פעטער זישע האָט אנומלטן אוועקגעשריבן וועגן דעמדאָזיקן איניען א לאַנגן בריוו צו איינעם א מאָסקווער ראָוו, און יענער זאָל האָבן אף דעם געענטפערט: לעסאטע מוז מען שווײַגן און אָנעמען די שטראָף בעאהאווע, און וואָס שפעטער וועט זײַן, איז פאראן וועגן דעם א בעפיירעשדיקער דין. דער ראָוו האָט אים געטרייסט און צוגעשריבן מיט דריבנע אויסיעלעך, אז אזוינס איז שוין געווען אין די צײַטן פון גאָלעס באָוועל, בימיי עזרע און נעכעמיע, ווען קאָל כאָדאָש טאכאס האשעמעש, נאָר שיווע זיצן האָט ער פונדעסטוועגן געראטן.

פעטער זישע, וואָס האָט ניט סויוול געווען די זעלמעניאנער, האָט די מײַסע וועגן דעם מאָסקווער לאָשנקוידעשדיקן קארטל פריִער פארשפרייט

אין בעסמעדרעש, ווו ער איז נאָך סאָניעס נישאַיינגעגעבענעם שידען געוואָר א גאנצער בענבאיס, און ערשט נאָכדעם מיט א גרויסער פארשפע־טיקונג איז דידאָזיקע ווונדערלעכע ידיעה אָנגעקומען אין רעבזע־הויף.

פעטער יודע האָט באלד געפאסקנט, אז די מײַסע מיט דעם קארטל איז א ליגן. און קעדיי איבערצײַגן זיך, האָט ער אמאָל, ווען פעטער זישע איז ארויס אפן גאנעק אויסלופטערן זיך, געעפנט די פּאָרטקע צום הויף און ארויסגעשריען:

— זישע, עפשער קענסטו מיר ווײַזן די קארטל, וואָס דו האָסט באַ־קומען פון מאָסקווע?

פעטער זישע האָט אים דעמלט קאלטבלוטיק געענטפערט:

— די מאָסקווער קארטל איז געשריבן אין לאָשנקוידעש, און סײַדי ־ וועסטו אין איר פארשטיין, ווי א האָן אין בנייאָדעם.

— טאָ ווײַז כאָטש א קוק טאָן פונדערווײַטנס!

— א קארטל, ווי אלע קארטלעך, — האָט אים פעטער זישע געענט־פערט געלאסן.

עפשער האָט ער טאקע באקומען א לאָשנקוידעשדיקן קארטל פון מאָסקווע. עפשער יע און עפשער ניט. אָט דאָס ווייס מען אָבער גענוי, אז סאָניע פעטער זישעס האָט פאר דער גאנצער צײַט ניט אופגעהערט ארײַנקומען צום טאטן אין שטוב, אייניקע מאָל אפילע ארויס פונדאָרטן א פארוויינטע.

קיינער האָט ניט געקענט פארשטיין, וואָס זאָרטן אין דער גײַוועדיקער שטוב קומט פאָר.

פעטער איטשע האָט קעסיידער געקוקט פון זײַן פענצטער, ארײַנ־געכאפּט זיך אָפט צום פעטער זישען דערקונדיקן זיך, ווי האלט דער זייגער. עס איז דאָרטן אין שטוב געווען שטענדיק אָנגעכמורעט־שטיל, בלויז עטלעכע זייגערס האָבן אראָפּגעקלאפּט פון די טונקעלע ווענט.

גיטאָ אָבער קײַן פארבאָרגענישן פאר פעטער איטשען.

אין איינעם אן אָוונט האָט ער באמערקט, אז באם פעטער זישען האָט מען צוגעמאכט די לאָדן פריִער פאר דער צײַט. לאנג האָט ער דעמלט ארומגעבלאָנקעט איבער דעם נאסן הויף, געשלאָגן זיך מיט דער דייגע, ביז ער האָט ניט ארײַנגעקוקט אין שפאלט פון לאָדן און דערזען מאָדנע זאכן: אין גרויסן צימער, באם ליכטיקן טיש, זײַנען געזעסן פעטער זישע, דער איידעם און די טאָכטער. מען האָט געטרונקען טײַ

באלד האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אז פעטער זישע האָט, קענטיק, גע־שלאָסן שאָלעם מיט דער טאָכטער.

נאָכדעם האָט די מומע מאלקעלע אויך באשטעטיקט, אז זייַנע באַ־טראכטונגען האָבן א געוויסן גרונט.

*

דער הויף האָט זיך צוגעקוקט מינאצאד צום גאנג פון די פאסי־רונגען, אָבער נאָכדעם האָט ער זיך (דער הויף) אָנגעהויבן בונטעווען, צוליב א קלייניקייט, און מע מוז מוידע זייַן, אז שולדיק אין דעם איז ווידער פעטער זישע.

ווי באוווסט, איז דער זעלמעניאנער איינפאך ווי א שטיק ברויט, ער נעמט אָן אַלץ, וואָס סע מאכט זיך, און לעבט ווייַטער. אזוי איז אויך געווען מיט אָט דעם שידעך. דער פויערישער פאוועל אָלשעווסקי האָט דאפקע אויסגענומען. לויט אַלע סימאָנים האָט ער אויך, פון זייַן זייַט, ארויסגעוויזן א ווילן צו קרוויוולען זיך מיט דער גאנצער מישפּאָ־כע אָן אויסנאם. פעטער זישע האָט זיך אָבער אייַנגעשטעלט און בע־שומויפן ניט געוואָלט דערלאָזן עמיצער זאָל געניסן פון זייַן איידעם.

ער האָט זיך געקליבן האלטן דעם איידעם אָפּגעזונדערט.

דערמלט האָט מען זיך דערוווסט, אז פאוועל אָלשעווסקי האָט גע־האט דאָ ניט לאנג די קאוואָנע צו פארבעטן אַלע זעלמעניאנער אין קינאָ. ער איז, נעמלעך, דערגאנגען, אז צווישן די עלטערע זעלמעניאנער זייַ־נען פאראן עלעמענטן, וואָס זינט זיי לעבן האָבן זיי נאָך קיינמאָל קיין קינאָ־פאָרשטעלונגען ניט געזען.

דאכט זיך: פעטער זישע האָט געדארפט זייַן צופרידן פון אזא איידלקייַט מיצאד דעם איידעם זייַנעם, האָט ער זיך אָבער אייַנגעשפּארט און דערקלערט אָלשעווסקין מיט דער גאנצער הארטקייַט, אז אויב ער וויל לעבן בעשאָלעם מיט זייַן שווער און שוויגער, זאָל ער זיך ניט מישן מיט די הויפיקע.

— דאָס זייַנען אזוינע סאָרטן מענטשן, — האָט פעטער זישע גע־זאָגט, — וואָס סע שאדט ניט האלטן זיך פון זיי אביסל פונדערווייַטנס.

פעטער זישע האָט דערבייַ געגעבן צו פארשטיין פאוולוקן, אז ער האָט זיך מיסכאמן געווען בלויז מיט אים און מיט זייַן שטוב, און ווייַ־טער מיט קיינעם ניט. קעדיי אויספירן דאָס זייַניקע, האָט ער ארויסגע־

געבן א באפעל דער מומע גיטען, זי זאָל טייקעף אָנטאָן די יאָנטעוודיקע מאלבושים, און אין קינאָ איז אוועק בלויז רעב זישעס שטאם, אָן דעם הויף.

*

א פאטש אין פּאָנעם דעם רעבזעהויף. זינט רעב זעלמעלע האָט אוועקגעלייגט דעם יעסאָד פאר דער מישפּאָכע (געגרינדעט אין 1864), איז נאָך אזא נעוואָלע ניט אָפּגעטאָן געוואָרן.

— אונדז גייט ניט אין דעם,—האָט מען געטייַנעט אין די שטיבער.—אונדז גייט אין האָנאָר!

די אופגעבראכטע מומע מאלקעלע האָט גענומען דעם פעטער אישען אונטערן אָרעם און זיך אוועקגעלאָזן אין קינאָ. פעטער פּאָליע האָט מיטגענומען זייַנע פינף-זעקס קינדער און איז אוועק אין קינאָ. דאָס וויכטיקסטע איז אָבער, וואָס פאלקע פעטער אישעס האָט געגעבן צו וויסן, אז אויב מען וויל זיך לאָזן קאָסטן געלט, קען ער אייַנאָרדענען אין שטאל אן אייגענעם קינאָ. ער האָט שוין אפילע געהאט אָנגעהויבן בייַסן די נעגל פון צופיל שעפערישע געדאנקען אין קאָפּ. פונקט דעמלט איז טאָנקע געקומען צו אים מיט א מאָדנעם פאָרשלאג:

— אויב דו ווילסט,—האָט זי געזאָגט,—קאָנסטו פאָרן מיט מיר קיין וולאדיוואָסטאָק.

האָט ער אופגעהערט בייַסן די נעגל און איז אוועקגעפלויגן מיט טאָנקען.

איי, פעטער זישע האָט מעווייַיעש געווען א הויף מיט מענטשן, און א קינאָ אין שטאל מוז מען איצט האָבן ווי דעם לעבן? איז מען דאָך אָבער אף דעם ניט מער, ווי א שיליוע, א פינטעפליוש, א לאָווע-לאס, א פוסטע זאך!

*

וועגן דער מומען גיטען גיט מען איבער, אז א פאָר וואָכן נאָכן קינאָ-אָוונט האָט זי געשוויגן, און נאָכדעם, אין א גוטער שאָ, האָט זי א דייד געטאָן מיט א ביטערער איראָניע מיקויעך דער הייַנטיקער חעלעם:

— מע מאכט פינצטער,—האָט זי געזאָגט,—קעדיי דו זאָלסט ניט זען דעם שווינדל.

באָכאמאָל גייט זי ניט, אז מען זאָל זי אָפּגילטן.

דער הויף האָט זיך אָבער געשאפן וועגן קינאָ א גאנץ אנדער פאָר־שטעלונג. עס זײַנען אפילו ארויסגעזאָגט געוואָרן מיינונגען, אז קינאָ שטײַגט איבער אלץ—אי עלעקטרע, אי ראדיאָ. וועגן פעטער איטשען איז שוין אָפּגערעדט. איינמאָל, בײַס די מומע מאלקעלע האָט אומגערן אויסגעקערט די וועטשערע אין אויוון, האָט ער געפרווט אויסנוצן איר ווייך געמיט און ,א זאָג געטאָן.

— מאלקעלע, ווען מיר זײַנען מענטשן, כאפן מיר זיך הײַנט ארײַן נאָכאמאָל אין קינאָ.

ליידער האָט ער ניט געפועלט, און געמוזט באנוגענען זיך מיט אי־בערטראכטן אפסנײַ די אלע יאם־וואסערן מיט די ווײַסע בערן, וואָס האָבן זיך צו אים באוויזן דעמלט אין יענעם קישעפדיקן קינאָ־אָוונט. פעטער איטשע איז געווען פול מיט פאנטאסטישע זעונגען, ארומגעגאנ־גען פארכאָלעמט מיט א פּאָר וואסערדיקע אויגן און צוגעהערט זיך, עפשער רעדט מען ערגעץ א וואָרט וועגן קינאָ.

— אף אזוינס האָב איך זיך ניט געריכט,—האָט ער געזאָגט צו מאל־קעלען.

באנאכט, שטעפנדיק א פּאָר וואטאָווע הויזן, האָט ער געטראכט מיט א ווייטיק אין הארצן וועגן ווײַסע בערן, וועגן פארפראָרענע וואנדע־רער אף די אײַזבערג, וואָס פאר זיי זײַנען וואטאָווע הויזן, ווי אָנגע־מאָסטן. און ער האָט שוין לאנג מויכל געווען זישען די באליידיקונג, אפילו אליין אוועק איבערבעטן זיך.

— נאָך מײַן סייכל,—האָט ער דאָרטן געזאָגט,—קומט אויס, אז דער קינאָ שטייט אסאך העכער פון עלעקטרע און פון ראדיאָ.

— אסאך סייכל האָסטו טאקע—האָט אים פעטער זישע פּאָרט א שטאָך געטאָן.

*

פעטער זישע איז ניט קיין צוגעלאָזענער מענטש. ער לײַדט, אוי־סער די אלע פּראָסטע קראנקײַטן, אויך פון גײַוועו און פון אָנשטעלע־נישן, און א סוואָרע, אז איצט מאכט ער אויך דעם שיינעם אָנשטעל. די מײַסע מיט דעם מאָסקווער קארטל איז א בעפיירעשער ליגן. ער בראָקט ליגנס און עסט זיך אוף לעבעדיקערהייט. עס לאָזט זיך אויס, אז מיט דעם שידעך איז ער נאָך אלץ ניט שאָוועבעשאָווע, וואָרעם

אנומלטן, שוין לייגנדיק זיך שלאָפן, האָט ער פּלוצלונג א זאָג געטאָן צו דער מומען גיטען:

— איז וואָס, גיטע, האָבן מיר שוין אויסגעגעבן אונדזער עלטערער טאָכטער סאָרקען?

— יאָ, — האָט זי געענטפערט, — אין א מאזלדיקער שאָ!

— נו, איז ווי געפעלט דיר עפּעס דער שידעך?

און איידער די מומע גיטע האָט באוויזן צוטראכטן עפּעס א שטיקל ענטפער, וואָס זאָל אים האווירן, האָט ער אויסגעדרייט דאָס פּנים און א זאָג געטאָן אינדערפיצטער:

— נאָך אלעמען, הערסטו, איז אזאָכונאזווייי צו אונדז ביידן!

אין דרויסן האָט זיך פּונקט דעמלט געשטעלט א פראָסט.

---

# 15

## מאַראַט

ס'איז ארויסגעפאַלן א טיפער שניי. אונטער די פענצטער האָבן זיך אָנגעהורבעט שפּיציקע בערג. דער רעבזועהויף איז אזוי טיף ארונטערגעקראָכן אונטערן שניי, אז קוים, וואָס מען האָט ארויסגעזען די שטיקער ווענט מיט די פארשנייטע פענצטערלעך. די ווײַסע דעכער האָבן זיך אראָפּגערוקט נידעריקער. די שטוב־ראָגן זיינען געשטאנען נאסע, פארשנייטע, פארשמירטע, ווי אָפּגעקאלכט.

ארום האלבער נאכט איז בערע ארויס א פארשלאָפענער, אין קאַלאָשן אף די באָרוועסע פיס, האָט זיך דערקליבן פאָרזיכטיק צו פעטער איטשעס פענצטער און אָנגעקלאפּט. באלד האָט זיך א הויב געטאָן פון אינעווייניק דאָס פאָרהענגל, דער מומע מאלקעלעס איבערגעשראָקענער פּאָנעם איז ארויסגעשווומען, ווי פון א וואסער, און זיך ברייט צוגעקלעפּט צו שויב. בערע האָט ניט געקענט צוטראכטן וואָס צו זאָגן, געמורמלט עפּעס אונטערן וואָנץ, און מיטן האנט אָנגעוויזן אף זיין דירע, אויבן אין מויער.

— אוואדע עפּעס מיט כײַעלען, וואָס? — האָט זיך די מומע מאלקעלע געכאפּט.

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

*

בערע האָט דורכגעמאכט א לאנגע, שווערע נאכט. קוידעמקאָל האָט אים די מומע מאלקעלע אוועקגעשיקט נאָך א שליטל. ער האָט געבראכט דאָס שליטל, זײַנען ביידע ווײַבער צו אים צוגעשטאנען, אז ער מוז מיט זיי מיטפאָרן אין קליניק. פארשטייט זיך, אז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

פאַרשטייט זיך, אַז כּלערע האָט זיך באַלד אַרײַנגעוואָרפן מיטן מאַנטל אין בעט, און פון איין קימפּעט־געשריי צום אַנדערן האָט זי אַרויסגעוויינט וועגן דעם, אַז ס'איז שוין גרינגער צו האָבן אַ קינד פון אַ שטיין איידער פון אַ באָלשעוויק. ס'האָט שוין אויך געהאָלפן, אַז זי זאָל זיך ביכלאַל אָפּזאָגן האָבן דאָס קינד.

דעמלט איז פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן פּעטער איטשע און מיט דער רעציכע, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר דעמדאָזיקן מענטשן, האָט ער איר פראָסט פּאָשעט געסטראַשעט מיט פּעטש.

— ס'איז דײַן קינד. צי ניט?—האָט ער געשריען,—בולעך איינער!

— וואָס היצסטו זיך אַזוי?—האָט בערע צו איר אַ שמייכל געטאָן,— באַ מײַן קימפּעט האָסטו עפּעס אַסאַך געפירט די מאַמען אין קליניקעס?

— פּערעאָדעם, וואָס גלײַכסטו זיך צו מיר?—דער פּעטער האָט זיך נאָך מער צוקאָכט,—איך בין געווען אַן אָרעמער שנײַדער, און דו ביסט אַ באָלשעוויק. ס'איז דאָך דײַן קליניק, גוילעם!

און אַפילע כּוץ דעם איז אויך בערע ניט געווען גערעכט, וואָרעם זײַן קימפּעט, בערעס, איז פאָרגעקומען באַ גאַנץ אַנדערע אומשטענדן. די מומע מאַלקעלע, זאָגט מען, איז דעמלט געגאַנגען צום טײַך וואַשן גרעט, און שוין גאָר ניט ווילנדיק האָט זי אים דאָרטן געהאַט באַ דער פּראָלאָווקע. מע האָט זי דעמלט געבראַכט צופירן אַף אַ פויערשן שליטן צוזאַמען מיטן קינד, און, פאַרשטייט זיך, אַז ס'האָט ניט געהאַט קיין שום סענס פאָדערן פון פּעטער איטשען, ער זאָל זי נאָכדעם נעמען און פירן אין קליניק.

אין יענער נאַכט האָט מען בערעס אַקשאָנעס געבראָכן, ווי אומ־גלויבלעך דאָס זאָל ניט אויסקומען. ער איז דאַמקע יע געפאָרן אין קליניק.

אונטערוועגס האָט זיך די מומע מאַלקעלע נאָך גענוג זיך איזדיע־קעוועט איבער אים. באַ יעדער אַפּטייק, לעמאָשל, פלעגט זי אים אַראָפּ־שיקן אײַנקויפן פאַרשיידענע סגולעס, וואָס בלויז זי אַליין איז געווען אַ מייוונטע אַף זיי.

דאָס שליטל איז פול געוואָרן מיט פאַרשיידענע קרײַטעכצער, זאַלבן, שמירעכצן. ער האָט געשוויגן, ווי אַ פיש, נאָר איינמאָל פאַרן גאַנצן וועג האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו דער ווײַב.

ער האָט געפרעגט:

— ווי ס'טע אוועקגעלייגט, כײַעלע, דעם שליסל פון אלמער?

כײַעלע האָט זיך דעמלט אָנגעכאפּט פאַרן רוקנביין און אין איר ביטערן ווייטיק געגומען באַקלאָגן זיך פאַר דער שוויגער, וואָס בערע גייט באָך אַלץ ניט אַרײַן אין איר לאַגע. ער טראַכט גאָר וועגן שליסלען בערע האָט איר באַלד געענטפערט, אַז דאָס האָבן אַ קינד גייט ניט אַרײַן אין זײַנע היסכײַוועסן און, בעעמעס, דאַרף ער זיך גאָר אינגאַנצן ניט מישן אין די ווײַבערשע איניאָנים.

— פאַרוואָס זשע אָבער האָסטו זיך פריער געמישט?—האָט זיך כײַעלע צעוויינט.

אויף דעם האָט בערע געפונען פאַר נויטיק ניט צו ענטפערן.

— און וואָס וועט זײַן מיט אַ ברית?—איז די מומע פלוצלינג אַרויס מיט אירער אַן אייגענער זאָרג.

— האָדי!—האָט ער געענטפערט,—קיין בריסן וועט דיר שוין מער ניט אויסקומען צו פראַווען.

מער האָבן זיי שוין ניט גערעדט.

*

די שטאָט איז געלעגן אין אַ טיפן, וואַרעמען שניי. שטיל, ווי אויף אַ בוידעם. הונדערט דרײַסיק טויזנט מענטשן, ניט רעכענענדיק קיין אויפעלעך ביז אַ יאָר, זײַנען שוין היפּשע עטלעכע שאָ געלעגן אונטער די וואַרעמע קאָלדרעס. די פּראָדוקציע פון כאַלוימעס איז געשטאַנען אין פולן ברען. כאַלוימעס, כאַלוימעס, כאַלוימעס פון די פאַרשיידנסטע שטאָפן. אַהינטער די לאָדנס האָבן זיך דורכגעטראָגן אַלטע לײַוונטן פון בירגער־קריג, האָפענונגען, קלאַסן־נעוויִעס. ערגעץ אונטער אַ פערענע האָבן זיך געשפונען שווערע נעפּמאַנישע כאַלוימעס. עלעקטרישע, לאַנגע ציפערן האָט זיך געכאָלעמט אַ טויער פון מעלוכע־פּלאַן.

בלויז איינער אין דער גאַנצער שטאָט, דער פעטער פאָליע, איז אָפּגעשלאָפן זײַנע אײַזערנע נעכט אָן כאַלוימעס; געלעגן ווי אַ דאַמף־מאַשין בא דער ווײַב אין בעט און איר געכראָפּעט אין אויער.

*

פונקט זעקס אזייגער פאַרטאָג, בייס אַ גרויסער שניי־זאַווערוכע אין דרויסן, איז געבאָרן געוואָרן אַ שפּאָגל נײַער זעלמעניאַנער. דער דאָק־

טער האָט אים פון היספּיטאַלעס אוש א פּאטש געטאָן אין געזעסל. דאָס נעפעשל האָט געהאט א שווארצע קוטשמע האָר, ברייטע פּלייצקעס און ס'האָט שוין אָפּגעגעבן פון אים פאוואָלינקעס מיט היי און נאָך עפּעס. (זע קאפּיטל 1).

בערע איז געזעסן אין טונקעלן קאָרידאָר און געדרעמלט, און אז די מומע מאלקעלע האָט אים אופגעטשוכעט מיט דער יעדיִע, האָט ער אָפּגעזיפצעט פון נאכעסרועך:

— אויב אזוי, — האָט ער געזאָגט, — קען איך דאָך שוין מיסטאָמע גיין?

ער איז אוועק אהיים, געשטעלט דעם סאמאָוואר און אויסגעטרונקען פופצן גלעזער טיי מיט ווארעניע.

*

איינדערפרי האָט זיך די מומע מאלקעלע באוויזן אין הויף מיט דער פריילעכער בסורע. זי האָט זיך געשמאק דורכגעקושט מיט אלע זעלמע־ניאנער און מיט סטאם מענטשן, וואָס האָבן זיך איר באגעגנט אין וועג. וועגן א בריס, האָט מען שוין געוווסט, איז ניטאָ וואָס צו ריידן. אזעלכע זאכן פּועלט מען ניט. מען האָט זיך בלויז געקליבן ראטעווען דעם נאָמען.

פּעטער יודע און פּעטער איטשע זיינען ארויף צו בערען און מודיע געווען מיט דער גאנצער הארבקייט, אז זיי באשטייען, דאָס קינד זאָל הייסן: זאלמען, אָפּגעזאָגט — זיינען זיי, ווי צוויי אָרעמע מעכוטאָנים, געבליבן שטיין ווארטן אף א טשוווע.

בערע האָט געענטפערט אזוי:

— וועגן נאָמען דארף איך זיך נאָך מעיאשעוו זיין, אָבער יעדנפאלס וועט ס'קינד ניט הייסן זאלמען, ווייל דער זיידע רעב זעלמעלע איז לויט אסאך סימאָנים געווען א באלעגופל, און כוץ דעם איז פאר מיר ביכלאל ניט קלאָר פונוואנען האָט עס דער זיידע גענומען געלט אף אויסבויען א הויף.

— טאקע פונוואנען?

— איז וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן, אז דער טאטע אונדזערע איז געווען א קעשענע־גאנעוו? — האָבן זיי זיך גענומען רוקן צו אים נע־ענטער.

בערע האָט אויך דאָסמאָל געפונען פאר נויטיק ניט צו ענטפערן.

*

אפּמאָרגן איז געקומען פון קליניק כּײַעלעס באַרימט געוואָרענע באַשטימונג, אַז איר קינד הייסט זעלמעלע. עס האָט פאַרשמעקט מיט פּולווער. בערע האָט דעמלט האַרט אַ שוויַיג געטאָן, די באַקן־ביי־נער זײַנען אַרויסגעקראָכן שאַרפער—אָן אָנזאָג, אַז דעם קאַמף האָט ער אָנגענומען.

כעוורע קאָמיוג (די שיליועס) איז געשטאַנען גרייט אַרויסצוטרעטן. אפּאָנעם, שוין לאַנג שטיל געווען אין הויף.

די אַלטע האָבן זיך באַהאַלטן אין די שטיבער, געמאַכט זיך טאַם, פּונקט זיי וויסן ניט וועגן וואָס סע רעדט זיך, און מיט אַ בּרעג אויג אַרומגעטאַפּט דעם סוינע. די מאַשין האָט געשטעפּט, דער הובל האָט געהובלט, און פּעטער זישעס אַלטע זייגערס זיינען אויך אַלע אוועק־געגאַנגען.

באַטאָג, בייס קיינע ענדערונגען איז ניט געווען צו זען אין רעבזע־הויף, האָט פּעטער איטשע געזונגען אַ ליד:

גיי איך סערמיעגעס וואַטאָווע,
גיי איך פּעלצן ווינטעראָווע.
פאַר מײַנע פּויערימלעך
בעמעקעך האַשאָווע.

ווי אַ גוואַלדריס, ווי אַ לאַטע,
אַלץ פאַרטשאָבעט לעייסאַטע,
פאַר מײַנע פּויערימלעך
די לאַפּטשעוואַטע...

און געוווּנקען האָט ער גנייוויש צו דער מומען מאַלקעלען:

— מיט דער שנור, הערסטו, האָבן מיר, באָרעכאַשעם, געטראָפן אַפּן שענסטן אויפן!

*

אײַנאָוונט. די מומע מאַלקעלע האָט זיך געקליבן אין קליניק אַרײַן פּלוצלונג האָט זי בערע פאַרופן צו זיך און געבעטן איבערגעבן דער קימפּעטאָרן, אַז דעם זון זײַנעם רופט מען מ אַ ר אַ ט.

— טאָמער געפעלט ניט כּײַעלען די זאַך,—האָט ער געצויגן דעם וואָנץ,—קען זי מאָרגן גיין כאַסענע האָבן פאַר אַ כאַזן.

פּעטער איטשע האָט דעמאָלט שטאַרק אַ הויב געטאָן די הויזן און איז אַרויס זיך שלאָגן:

— גיט מיר אים אהער, דעם בופלאקס, איך דארף אים דאָ צערייבן אף אש!

און פעטער יודע האָט ארופגעשריען צו בערעס פענצטער:

— ווער ביסטו אזוינס, כאמערוק, וואָס דו גייסט מעוויַיעש זיַין מיַין טאטן?

און פעטער זישע איז אויך ארויס. ער האָט א זאָג געטאָן צו די וויַיבער (א טשיקאווע זאך צו וויסן, אלעמיַי פעטער זישע רעדט שטענדיק צו די וויַיבער):

— כ'האָב גאנץ גוט איבערגעטראכט, און איך זע איַין, אז די מיַיסע מיט דעם נאָמען וועט בליַיבן א פלעק אף אונדזער מישפּאָכע לעדוירדוירעס.

אָבער אפילע איצט האָבן באם פעטער יודען א שפאר געטאָן די אויגלעך אריבער די שפאקולן:

— און דיַין איידעם, זישקע, איז ניט קיַין פלעק אף דער מישפּאָכע?

פעטער זישע האָט אים דעמלט קאלט געענטפערט:

— ערשטנס, רייד איך ניט צו דיר, צווייטנס, האָב איך אף מיַין איידעם א העטער פון א מאָסקווער ראָוו, און, דריטנס, ווען דו ביסט ניט קיין בורדעריַיסע, וואָלסטו אויך געוווסט, אז אזוינס איז שוין געווען בימיי עזרע אונעכעמיע, וועיין קאָל כאָדאָש טאכאס האשעמעש.

נאָך גוט, וואָס פעטער זישע האָט ניט געמאכט דעם כאלעש!

עס האָט זיך געקערט כוישעך. קוים וואָס די מומע מאלקעלע האָט ארײַנגענומען די שלעגער צו זיך אין שטוב אריַין. זי איז געווען אויסער זיך. עס איז א סוואָרע, אז דאפקע זי האָט אין דער שטיל אונטערגעהעצט די פעטערס אין קאמף פאר רעב זעלמעלען, און אויך בעגויגייע כײַעלעס ארויסטרעטונג איז זי, זאָגנדיק דעם עמעס, ניט געווען אינגאנצן ריין.

די מומע מאלקעלע איז געווען אויסער זיך.

און דערפון שטאמט עס עפשער, וואָס שפעט באנאכט, קומענדיק צוריק פון קליניק, האָט זי געפונען פאר איר כויוו אדורכגיין די זעלמעניאנישע שטיבער און איבערגעבן:

— וואָס זאָגסטו דערצו, מיט בערעס מאראטל קערט זיך דאָך דער גאנצער קליניק?

און נאָכדעם האָט זי אַרײַנגערופן מיט א טערעך פאלקען צו פעטער זישען אין שטוב אַרײַן, ווו אלע פעטערס זײַנען געזעסן ארום א גלעזל טיי. מען האָט אים געבעטן ער זאָל דערציילן וועגן מאראטן, ניט וועגן בערעס, נאָר וועגן יענעם, דעם אומבאקאנטן מאראט, צי ער איז כאָטש געווען אן אָרנטלעכער מאן, צי האָט ער כאָטש האָלט געהאט יידן, מע־קויעך אנדערע זאכן רעדט זיך שוין ניט.

פאלקע האָט פארזיכערט, אז וועגן ערלעכקײַט איז ניטאָ וואָס צו ריידן. ער האָט אופגעקלערט מאראטס ראָל אין דער פראנצויזישער רע־וואָליוציע, אָנגעוויזן אף דעם קאמף צווישן די יאקאָבינער און די זשי־ראָנדיסטן, נאָכדעם האָט ער זיך אָפגעשטעלט אף דער פאריזשער קאָ־מונע, קריטיקירט שארף די גרויסע טאָעסן, וואָס זײַנען געמאכט געוואָרן דעמלט און פארענדיקט מיט א לויב־געזאנג צו דער אָקטיאבער־רעוואָ־ליוציע.

אין יענעם אָוונט האָבן די קאָרענע פעטערס עטוואָס געלערנט.

## 16

# דער טויט פון פעטער זישע

פעטער זישע האָט געשמייכלט.

ווי אַלע גיבן איבער, האָט ער זיך אין יענעם לעצטן ווינטער־אָוונט געפילט גאַנץ גוט, געטריבן אַפילע קאַטאָוועס מיט כּאַלקען און מיט דער מומע מאַלקעלען וועגן די היינטיקע שיינע אייניקלעך (וועגן די אייזדעמס האָט מען נאָך אַלץ ניט געטאָרט דערמאָנען).

און ווער האָט עס געקענט גלויבן, אַז אַפּמאָרגן אין דער צייט וועט שוין פעטער זישע ניט זיין צווישן די לעבעדיקע?

איצטער ווייסן שוין אַלע, איצטער ווייס מען שוין, אַז די ווייכקייט, וואָס פאַרן טויט, האָט פון אים דעמלט אַרויסגערעדט. ער האָט לאַנג געקוקט אויף די זעלמעניאַנער מיט זיינע פולע געלבלעכע ווייסלען, און זיי, די שעפּסענע כּעווּרעלייט, האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַז ער זעגנט זיך מיט זיי.

אָן שום ספק, אַז ער האָט דעמלט פאָרגעפילט דעם טויט, ווי די אַלע אַלטע זייגערמאַכערס, וואָס האָבן צו טאָן אין אַ געוויסער מאָס מיט לעבעדיקע כּפייצים: ווילן זיי — שטעלן זיי פּאַוואָלינקעס צונויף אַ זייגער און ער גייט; ווילן זיי — טוען זיי אָן די שפּאַקטיוו, ציִען אַרויס די רעדעלעך מיט די הערלעך און עס איז שוין בּיכלאַל גאָרנישט ניטאָ, ווי שרעקלעך דאָס זאָל ניט אויסקומען.

*

אַפּמאָרגן איז דער פעטער זישע אויפגעשטאַנען מיטן ברוך אויף טאָג. אינדרויסן איז געשטאַנען אַ שאַרפער פראָסט. ער האָט אויפגעבלאָזן דעם סאַמאָוואַר און אין דער שנעיִקער בלויעניש, וואָס האָט געשלאָגן פון די שויבן, געשטעלט זיך דאַוונען. שפּעטער האָט ער, אַ פאַרוויקלטער אין טאַלעס, צוגעטראָגן דער מומע גיטען אַ הייסע גלאָז טיי צום בעט.

דער מומע גיטען איז באַפאַלן די קאַלטע גרויל. לויט דעם טאָלעס אין דער שטענדיקער טונקלעניש האָט זי געמיינט, אַז מען איז עס געקומען נאָך איר; קוים וואָס זי האָט באַוויזן אין אײַלעניש אַרופֿכאַפּן עפּעס אַ פּאַטשײַלקע אויפֿן קאָפּ, נאָר ערשט דעמאָלט האָט זי דערהערט פּעטער זישעס פֿאַרליבט קאָל. ער האָט געזאָגט:

— טרינק, גיטע, טרינק, אַ גאַנץ לעבן האָסטו געקאָכט פֿאַר מיר טײ, און כ׳ווייס גאָרניט צי כ׳האָב עס פֿאַרדינט.

די מומע גיטע האָט פֿון שטוינונג גאָרנישט געענטפֿערט. ס׳איז פֿאַר איר בלויז קלאָר געוואָרן, אַז מיטן פּעטער האַלט גאָר ניט גוט.

נאָכדעם איז זי אַ גאַנץ פֿרימאָרגן געשטאַנען באַם אויוון, געקוקט פֿון דער זײַט, ווי ער זיצט איבערגעבויגן איבער די ציפּערבלעטלעך, ביז זי האָט סאָפּקאָלסאָף ניט דערזען, אַז זײַן פּאַטילניצע און די פּלײצעס זײַנען שוין ניט קײַן היגע. און אָט דאָס מוז מען צוגעבן, אַז וואָס עס איז שײַעך טויט־זאַכן, מאַלעכאַמאָוועסישע גענג, איז נאָך ניטאָ אַזאַ קענערקע, ווי זי.

*

פּעטער זישע איז טאַקע באַלד אין אַ פּאָר שאָ אַרום געשטאָרבן און, קימאַט, ווי פֿון אַ נאַרישקײַט.

צום הויף איז צוגעפֿאָרן עפּעס אַ דאָרפֿישער פֿאַרפֿראָרענער שליטן. עס האָט נאָך פֿון אים געטראָגן מיט באַנאַכטיקער קעלט פֿון די פֿעלדער. פֿון אונטערן שטרוי זײַנען אַרויסגעקראָכן אַ פּויער און אַ פּויערטע, פֿאַרוויקלטע, פֿאַרטערכעטע, מיט האַרטע קאַרטאָפֿל־נעזלעך. זיי האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט אויף זישע דעם זייגערמאַכער, האָט מען זיי אָנגעוויזן.

טכילעס האָט דער פּעטער געמיינט, אַז זיי ברענגען פֿון דאָרף פֿאַריכטן אַ זייגער. אָבער עס לאָזט זיך אויס (און אָט דאָס איז דער אומגליק!), אַז דאָס זײַנען ניט סתּם פּויערים פֿון דאָרף, נאָר פּעטער זישעס שטאַרק נאָענטע מעכוטאָנים; דאָס זײַנען ניט מער ווי סאָניע דעם פּעטער זישעס שווער און שוויגער. איצט, קומענדיק אין שטאָט אויפֿן מאַרק — זאָגן זיי — ווילן זיי שוין האָבן, וווּ איבערצולאָזן דעם פֿערד און וואָגן.

פּעטער זישען האָט, פֿאַרשטייט זיך, באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס. עס האָט זיך אים מיטאַמאָל פֿאַרגלוסט אַרומנעמען די מומע גיטען און זעצן זיך ווײנען. די מעכוטאָנים האָבן גערעדט צו אים און ער האָט

עפּעס אלץ אזוי ווי פאַרהערט, אָבער דאָס גרויע פּויערל, ווי אפּצו־צולאָכעס, האָט איבערגעפּרעגט מיט היספּיילעס:

— ביסטו עס טאַקע זישקע דער זייגערמאַכער?

— יאָ.

פּעטער זישע האָט געפּאַרשקעט מיט דער בלייכער נאָז און אַרויס־געקוקט אין פענצטער, צי לייט ווייסן שוין ניט פון אומגליק. פאַרשטייט זיך, אַז פּעטער איטשע האָט זיך שוין אַרומגעדרייט מיט טיפן כשאַד אַרום גאַנעק און ס'איז שוין געווען די געפאַר, אַז דער אויסוואָרף וועט באַלד אַריינקומען פרעגן דעם זייגער.

דעמלט האָט זיך פּעטער זישע אופגעהויבן, צוגעשלעפּט זיך צום טיר, און זי אָן עפן געטאָן צום דרויסן:

— איטשקע, — האָט ער געזאָגט א פאַרכאַלעשטער, — ווילסט דאָך שוין, מיסטאָמע, וויסן דעם זייגער?

יאָ, — האָט זיך פּעטער איטשע א כאַפּ געטאָן — א טשיקאַווע זאַך צו וויסן!

— ס'איז דריי פּערטל אַף צוועלף.

און דאָ האָט ער זיך אומגעלומפּערט אויסגעקירעוועט, א זיפּץ געטאָן און אַרויסגעפאַלן אַפן גאַנעק מיטן פּאָנעם אין שוואַרצן שניי.

דער הויף איז געבליבן רויק. דער הויף האָט אָפּגעוואַרט, געמיינט, אַז פּעטער זישע פּירט עס דורך דעם געוויינטלעכן כאַלעש, און מע וויים, צוליב וואָס — קעדיי מעשאַלייעך צו זיין די ניטגעבעטענע אָרכים.

ווי פאַרוואונדערט איז מען אָבער נאָכדעם געוואָרן, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פּעטער זישע איז דאָס מאָל טאַקע געשטאָרבן! ווי ביטער עס איז עס געוואָרן אַפן האַרצן!

פּעטער זישע האָט א גאַנץ לעבן גענאַרט די וועלט מיט זיינע אָנשטעלעניש און אויך איצטער, האַלט מען, איז ער אומישנע געשטאָרבן מיט א דריי: דער הויף זאָל זיך לאַנג דאַרפן שלאָגן מיט דער דייע, צי ער לעבט, אָדער ניט.

עס פרעגט זיך: צו וואָס אַזא מאָדנע אופירונג פון א מענטשן?

*

פּעטער זישע איז געשטאָרבן. טיף אין ווינקל שטוב איז ער שוין געלעגן אַף דער צערודערטער בעט מיט אָן אופגעפּוישטן הילצערנעם בויך און מיט א קאַלטער באָרד צו דער סטעלע; געלעגן ווי אפּצולאָכעס

אַלעמען און געבן אים צוקאַפּנס — די מומע גיטע מיט די ביינערדיקע הענט, ווי מיט אראָפּגעלאָזענע פליגלען. זי איז געזעסן און געקוקט דורך אירע טרוקענע קוילעכדיקע אויגן, ווי אזוי די גאס מענטשן האָוועט ארום איבערן שטוב.

די סאַלטאַנאָווער פּויערים האָט מען יואָס גיכער ארויסבאַגלייט ווײַל כוץ אַלעמען האָט זיך פּעטער איטשע געריקט צו זיי שלאָגן.

פעטער איטשען איז אויך ניט געווען צו פאַרורטיילן, וואָרעם ער, דער טרײַער ברודער, האָט זיך געמאָרדעוועט מער פון אַלעמען, גע־שטאַנען אין מיטן שטוב מיט א גרויסער טוך אין האַנט פאַר זײַנע גראָבע טרערן און געשריען אַפן. גאַנצן קאָל, ווי א קליינער לאָבוס, וואָס מע האָט אים אָנגעשלאָגן. ליַיט האָבן זיך בא אים געבעטן ראַכ־מים, ער זאָל אופהערן. ער האָט טאַקע פאַרדולט דעם קאָפּ.

דערפאַר האָט זיך פּעטער יודע ניט באַוויזן. מען האָט געכאַפּט אונטערמורמלען, אַז דער מעשוגענער איז מיט עפּעס ניט צופרידן. ער האָט עפּעס צו דערווידערן קעגן פעטער זישעס טויט. פאַרשטייט זיך, ס'איז ריינע מעשוגאַעס, וואָרעם פעטער זישע איז געשטאָרבן סאָפּקאָל־סאָף ווי געהעריק איז.

פעטער יודע איז אַרײַן שפּעט אינאָוונט, בייס דער מעס איז שוין געלעגן אַראָפּגעהויבן. די קינדער זײַנען שוין געקומען פון דער ארבעט. די באָבע באַסיע איז שוין געזעסן באַם בעט. אפילע פּע־טער פאַליע איז שוין אויך געשטאַנען נעבן אויוון און געדרעמלט. פעטער יודע האָט דעמאָלט פאַרקאַשערט די שפּאַקולן, ווי א רויפע, אַראָפּגעבויגן זיך צום בארמענען און אים אָפּגעדעקט דאָס פּאָנעם. איצט האָט מען געוואַרט אַף זײַן וואָגיק וואָרט. ער איז לאַנג אזוי געשטאַנען איבערגעבויגן, געשאָקלט מיטן קאָפּ, און, ענדלעך, האָט ער צו אים א זאָג געטאָן:

— זישקע, דו סט'געלעבט, ווי א נאַר און א באַלגײַוועז, און גע־שטאָרבן... ווי א נאַר און א באַלגײַוועז!

און ער האָט זיך אופגעהויבן.

מען האָט אים פאַרשוויגן די זאַך.

*

די מישפּאָכע איז שוין לאַנג ניט געווען אינײנעם. איצט האָט גע־עטעמט פון די זעלמעניאַנער רו און שטילקייט, רויער רייעך פון „טיף ראַשייער" ערדן, און ס'האָט זיך זיי אַלעמען געגלוסט, אַז לענגער זאָל זיך ציִען דער היינטיקער געמיטלעכער אָוונט. אפילע פעטער פאָליען האָט זיך אויך געגלוסט.

די באָבע האָט עפּעס געקייט, אַראָפּגעשלונגען ווי עס איז, און נאָכדעם האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— שטאַרבן אין אַזאַ פּראָסט איז אויך אַ קנאַפּער מייכל!

זי האָט עס גערעדט צו זיך, און געוואָלט דערמיט זאָגן, אַז פאַר אַן עלטערן מענטשן, ווי זי, וואָלט געווען פּאַסיקער צו שטאַרבן אין אַ לינדערן וועטער.

מען האָט אַף איר אַ קוק געטאָן, אַף דער אַלטער, און בא אַלעמען איז דורכגעפלויגן קימאַט דער אייגענער מיִעטער געדאַנק אין קאָפּ. די באָבע איז געווען מעכולעדיק און האָט עס, נעבעך, ניט געשפּירט.

די שיליועס האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף גענומען שטיקן אין די פּויסטן, און אפילע די דערשלאָגענע סאָניע, וואָס די גאַנצע צייט איז זי גע־זעסן אין היטעלע, אין די לייקענע הענטשיקלעך, און פּאַוועל אָלשעווסקי האַט איר געמוזט געבן שמעקן פון פאַרשיידענע פלעשעלעך — אפילע זי האָט אויך אַ שמייכל געטאָן. עס האָט געהאַלטן בא כילעל־האַמעס.

פעטער איטשע האָט זיך דעמלט אָנגעצונדן, ווי אַ העליש פייער:

— שיליועס, וואָסי דאָ בא אייך אַ טעאַטער, צי אַ קינאָ, וווּ מען ווייַזט ווייסע בערן?

און אַז ס'איז שטיל געוואָרן, האָט מען ערשט נאָכדעם דערהערט פון אַהינטערן אויוון פעטער פאָליעס ביינערדיקן געלעכטער, פּונקט ווי קייקלט שטיינער. עס האָט זיך געזען, ווי ער ציט דאָרטן דעם רימען אַרום די הויזן, עפּשער וועט זיך אים איינגעבן פאַרשטיקן דאָס גע־לעכטער אין בויך.

ער האָט זיך פאַרשעמט און איז אַרויס פון שטוב.

*

דער אופגעבראַכטער פעטער איטשע האָט זיך אוועקגעשטעלט איבערן מעס זאָגן טילים. דעמלט האָבן די שיליועס געפונען פאַר נויטיק וואָס גיכער אַרויסרוקן זיך פון שטוב. אויסער דעם, האָט טאַנקע געמוזט

הײַנטיקע נאַכט דורכפירן אַן אָנפאַל אױפן צ. אַר. ק., װאָס אָפּלײגן האָט מען עס בעשומויפן ניט געטאָרט. זי האָט אָבער געבעטן מען זאָל װאַרטן מיט דער לעװײַע—אינדערפרי װעט זי אומבאַדינגט קומען. פאַלקע איז אַװעקגעפלױגן מיט איר. זינט מע האָט זיך גענומען קלײַבן קײַן װאָלאָדיװאָסטאָק, איז זײ שױן ניט אָפּצורײַסן.

*

אַדורך דער געעפנטער טיר, קעדײ אַרױסלאָזן דעם רײעך פון מעס, האָט זיך געזען אַ װײַטע, האַרטװײַסע נאַכט מיט קאַלטע שטערן פון הונדערטער קאָלירן. דער פראָסט האָט דאָרט געגליװערט טרוקן און דורכזיכטיק, שטיל און פוסט.

*

פאַװעל אָלשעװסקי האָט אַראָפּגײענדיק פון הױף זיך נאָכגעפרעגט מיט אַ סױדעסדיקער נײַגעריקײַט בײַ דער צוגעטולעטער װײַב, אַלעמײַ די פעטערס האָבן ניט אָנגעטאָן קײן טפילין און טאַליסים און ניט גע־בלאָזן קײן שױפער. סאָניע האָט אים אױף דעם געענטפערט, אַז דער אַלטער דאָר איז שױן, אַפּאָנעם, אױך ניט װאָס אַמאָל, און בענױגײע שױפער בלאָזן האָט ער אַ טאָעס, װײַל אין שױפער בלאָזט מען גאָר שװועס, אַלס אָנדענק, װאָס אַװראָהאָם אָװינו האָט אַרױסגעפירט די ייִדן פון מיצראַיִם.

*

באַם מעס זײַנען איבערגעבליבן די מומע גיטע און פעטער איטשע. זײ האָבן לײַכט אָפּגעטעמט, אָנגעצונדן די מעשענע לײַכטער צוקאָפּנס, איבערגעקערט די בילדער, פאַרהאַנגען די שפּיגלען, די זײגערס, און גענומען פּראַװען די לעװײַע װי סע באַדאַרף צו זײַן.

די מומע גיטע איז אַפילע נאָכדעם צוגעגאַנגען צום מעס און אָפּ־געזאָגט אױף דעם באַסאָװן קאָל:

— זישע, דו מעגסט זײַן רויִק, מיר װעלן דיך אימירצעשעם אַרױסבאַגלײטן װי אַ קאָשערן ייִדן!

אױף דעם האָט פעטער זישע גאָרנישט געענטפערט.

האַלבע נאַכט איז אױך אַרײַן דער אױסגעשלאָפענער פעטער יודע, אױף קײנעם זיך ניט אומגעקוקט, האָט ער זיך באַלד אַװעקגעשטעלט זאָגן טילים מיט אַ פרימאָרגנדיקן טרוקענעם קאָל. אין די פענצטער האָט

געגרויט. עס איז געווען בעעמעס פיַין פון זיַין זיַיט, פון פעטער יודעס, וואָס ער האָט זיך אין מיטן נאכט פאָרט דערמאָנט אָן ברודער און איז אראָפּגעלאָפן פון בעט העלפן אים אין זיַין שווערער לאגע.

די מומע גיטע וועט עס אים קיינמאָל ניט פארגעסן!

*

אינדערפרי זיַינען אָנגעקומען די שיליוּעס, און די זאך איז ווידער מיטאמאָל וואָכעדיק געוואָרן. מיט דער לעוויַיע האָט מען געטריבן מע־שוגענערוויַיז.

— געוואַלד אייַך צו פלאנכענען, וויַיבער,— האָט מען געשריִען,— גענוג שוין!

בערע האָט געבראכט צו פירן פון ערגעצוווּ דעם שווארצן קאסטן, און איידער די וויַיבער האָבן באוויזן פארוויקלען זיך, אריַינקריכן אין די וואָליקעס, איז שוין דער טויטער פעטער אוועקגעפלויגן אין אלדי העלן. מען איז נאָך אים נאָכגעלאָפן. פארשטייט זיך, אז קיין גרויסע האנאָע פון דער לעוויַיע האָט מען שוין ניט געהאט. אפן בעסוילעם האָט פראָסט פּאָשעט געהאלטן בא ליַיטישע געלעכטער. דעמלט איז די מומע מאלקעלע צוגעגאנגען צו בערען מיט דעם הארבן וואָרט:

— דו וועסט זיך אונדז לאָזן אמאָל אויסוויינען, צי ניט, וואלד־גאזלען?

— גוט,— האָט בערע געענטפערט,— אָבער מאכט עס גיכער!

און מע האָט זיך זיי געלאָזן אויסוויינען. העכער פון אלעמען האָט געקלאָגט דער פעטער איטשע. מיט א נאסן קאָל האָט ער א זאָג געטאָן צום צווייטן פעטער, צו פעטער יודען:

— א וועלט, הא?

פעטער יודע האָט אף אים רוגזעדיק א קוק געטאָן פון אונטער די שפאקולן און געענטפערט:

— איז שוין ניט גליַיכער, אז מען ליגט אין דרערד.

דאָס האָט ער געמיינט דעם פעטער זישען און די מומע העסיען.

און פעטער זישע איז שוין ניט געשטאנען רויִק אָן א זיַיט, ניט געצויגן קיַין האָר פון באָרד און ניט געשמייכלט:

— ליַיטישע קינדער.

*

שפעט האָבן זיך די זעלמעניאַנער אומגעקערט פון דער לעוויַיע. עס איז אָנגעקראָכן א גרויער אָוונט. דער רעבזעהויף איז געשטאַנען אין שאָטנס; אָן עלעקטרע, אָן וואַרעמע אויוונס, הויל, ווי דער פּאַרדראָס נאָך דעם ערשט באַגראָבענעם פעטער.

אומזיסט האָט מען, אַלזאָ, דעם פעטער זישען א גאַנץ לעבן כּוישעד געווען, אַז ער מאַכט זיך פאַר א כּאָלוש, טראַכט קלוימערשט צו קראַנ־קיַיטן פון גייווע וועגן. איצט זעט מען, אַז ער איז געווען אַן ערלעכער מאַן, געקרענקט גרינטלעך און געשטאָרבן פאַר דער ציַיט, יעדנפאַלס פריִער פון איינעם א געוויסן עלטערן מענטשן אין רעבזעהויף.

*

נעבן שטאַל זיַינען געשטאַנען צוויי שטשופּלע זעלמעניאַנערלעך מיטן פּאָנעם צום וואַנט. זיי האָבן מאַשטין געווען אפן שניי. אינעם היַינטיקן גרויען אָוונט זיַינען זיי אויך געווען אומעטיק, בלייך און פאַרזאָרגט.

— מאָטעלע, זאָג, און ווען וועלן מיר שטאַרבן?—האָט געפרעגט ליפּע פון קינדער־גאָרטן.

— סי נאָך א ציַיט,—האָט געענטפערט מאָטעלע,—מיר דאַרפן זיך נאָך פריִער פאַרשריַיבן אין זאַגס, נאָכדעם גיין אפן מילכאָמע, און נאָכדעם דאַרפן מיר הויבן די געראַטעניש.

— וואָס האָסטו געזאָגט דאַרפן מיר הויבן?

— מיר דאַרפן הויבן די געראַטעניש.

זיי האָבן געקוקט אף די געמעלן אין שניי.

— הער זיך איין,—האָט ליפּע געזאָגט,—איך בין שוין גאָר א גרויסער. כ׳האָב שוין א מאָזאָל אפן פוס. ווייסט, וואָס טאָנקע זאָגט?

— וואָס?

— זי זאָגט: פאַר א פּיאָנער איז בענוג, אַז ער האָט א מאָזאָל אפן פוס, נאָר א קאָמסאָמאָלעץ דאַרף האָבן א מאָזאָל אפן האַנט אויכעט. דאָס איז זייער שווער צו האָבן.

ליפּע האָט זיך א טרייסל געטאָן:

— אַז דו סט׳וועלן א גרויסער, וואָסטע בעסער זיַין—א באָלשעוויק, צי א קאָמוניסט?

— איכל זײַן א באָלשעװיק פון פינפטן יאָר, — האָט מאָטעלע געענט־פערט פון אויבן אראָפּ.
— װעל איך זײַן א זאװו!
— גײ קא... — איז מאָטעלע אופגעבראכט געװאָרן פון דער אומבא־װוסטזיניקײַט, — מיט אזא יאט, װי דו, איז מיר נאָך ביכלאל דערװײַל שװער צו רײדן.

17

## זעלמעניאַנישע אַלערליי.

די וויכטיקסטע נייַסן, וואָס זייַנען זיך פאַרלאָפן אין רעבזעהויף נאָך פעטער זישעס טויט:

**1.**

פעניער יודע איז אַרויס אין שטאַל נאָך א ברעט, האָט ער געפונען פאַרשטעקט הינטער א קראָקווע א שטיקל פּאָסט־קאַרטל. פון איין זייַט האָט זיך געפונען א שוואַרצער מאָסקווער שטעמפּל, פון דער אַנדער זייַט—פאַרשריבן אף לאָשנקוידעש. ער איז אַרייַן אין שטוב און איבער־געלייַענט אָט וואָס:

כ״ב אלול מזל בתולה מזל טוב לפ״ק.

צום קאָוועד פון נאָגיד רעב זיסל בערעב זאַלמען נ״י.

שאָלעם צום נאָענטן צום ווייַטן און אויך צו דיר שאָל...

דער קסאוו איז געווען א דריבנער, א ראַבאָנישער. איז דער מאָרע־שכוירעדיקער פעטער יודע געבליבן שטיין מיט דעם קאַרטל אין האַנט און מיט דעם רוגזעדיקן בליק צום אויוון:

— זאָל עס טאַקע זייַן עמעס, אַז זישקע האָט ניט געזאָגט קיין ליגן?

נאָכדעם איז מען געוואָרע געוואָרן, אַז די מייַסע מיט דעם קאַרטל האָט פעטער יודען שטאַרק געמאַטערט, און ער איז אַפּילע אַוועק צו פעטער זישען אפן קייווער בעטן מעכילע. דאַכט זיך, וואָס?—נאָר פע־טער יודע איז נאָך אָט דער ערגערניש אַראָפּ פון פּאָנעם. און עפּשער האָט עס אויך געדינט פאַר א סיבע צו זייַן אַנטלויפן. אין א מיטן נאַכט איז פעטער יודע אייַנגאַנצן אויסגערונען פון הויף, קימאַט, ווי אַנטלאָפן, און א לענגערע צייַט האָט מען ביכלאַל ניט געוווּסט וווּהין

ער איז אהיינגעקומען. האגאם מע רעכנט, אז אוועק פון הויף איז ער צוליב א גאנץ אנדער סיבע.

מע זאָגט, אז ער איז אנטלאָפן אָט צוליב וואָס:

נאָך פעטער זישעס טויט איז ער ארומגעגאנגען, דער פעטער יודע, א בייזער און א גרויער, ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט. אין אזא צייט האָט פעטער יודע ליב צו גיין אין סטירדעס. איז ער אין א העלן מיטוואָך אריין אן אָנגעכמורעטער צו בערען און געבליבן שטיין באם טיר:

— גוט מאָרגן!

— גוט מאָרגן, גוט יאָר!—ענטפערט בערע.

— איך בין געקומען פרעגן, וואָס מאכט עפּעס דיין זעלמעלע?

בערע האָט געענטפערט געלאסן:

— איר האָט א טאָעס, ניטאָ בא מיר קיין ועבזעלמעלעך.

פעטער יודע האָט ארייַנגענומען דאָס בערדל אין מויל און געשוויגן. אין א ווײַלע ארום האָט ער ווײַטער געפרעגט:

— איז ווי הייסט ער, דיין שיינער זון?

— מיין שיינער זון הייסט מאראם.

מער האָבן זיי ניט גערעדט.

ווי כײַעלע האָט נאָכדעם איבערגעגעבן, איז פעטער יודע דעמלט געשטאנען בא זיי נעבן טיר, עפּשער בא א האלב שאָ און מער. ער איז ארויס א שוויַגנדיקער, צוגעמאכט פאָרזיכטיק די קליאמקע, ווי עס וואָלט בא זיי געלעגן א כוילע אין שטוב, אראָפּ אונטן צו זיך און איז שוין ניט ארויס.

**.2**

דער טראמוויַ איז אוועק.

דאָס איז געווען א טשיקאווע זאך. ער איז ערגעץ ארויס פון וואָקזאל און אוועקגעלאָפן איבער די גאסן. פרישע וואגאָנעס, גלאנציקע שויבן, ניקל, נײַע רימענס. די טראמוויַ־פענצטער זײַנען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט מענטשן—און דאָס אלץ האָט זיך אראָפּגעגליטשט בארגאראָפּ, געפלויגן בארג ארויף, געיאָגט און דערלאָפן אפילע ביז צום פאָרשטאָט.

די זעלמעניאנער האָבן דערהערט סאמע ארום הויף א נײַע סאָרט קלינגערײַ. דער ערשטער איז, פארשטייט זיך, ארויסגעלאָפן פעטער אימשע, וואָס איז געווען לאָהוט נאָך נײַסן. געקומען אהיים איז ער

שוין אָבער שפּעט באַנאַכט, און אַזוי, ווי ער האָט זיך געשעמט פאַר דער מומע מאַלקעלען, האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז ער איז געווען באַ אַ כאַווער.

— באַ וועלכן כאַווער?—האָט די מומע מאַלקעלע געפּאָרשט.

— באַ אַ כאַווער...

עס האָט זיך ניט געגלויבט, וואָרעם פּעטער איטשע האָט זיך נאָך דער כאַסענע געפונען בלויז אַרום דער מומע מאַלקעלען; אַ כאַווער האָט ער געהאַט באַכערוויַיז, אײנעם—אָרע דעם שניידער, איז יענער שוין לאַנג געשטאָרבן.

אַפמאָרגן האָט פּעטער איטשע געאײַצעט דער מומען, זי זאָל זיך דורכפאָרן אַפן טראַמוויַי—דאָס איז אַ באַזונדער סאָרט פאַרגעניגן.

— פונוואַנען ווייסטו עס אַלץ?

— איך פאַרשטיי...

און ער האָט איר ניט אויסגעזאָגט, אַז אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעפאָרן איבערן שטאָט און געפּאַטערט דערבײַ אַ שטיק געלד.

*

נאָכדעם זײַנען שוין די זעלמעניאַנער געפאָרן אָפטער. מען פלעגט צופאָרן סאַמע ביזן וואָקזאַל און צוריק קומען צופוס. עס איז געווען גוט, ניט אַזוי דאָס פאָרן, ווי אָט דאָס, וואָס מען זיצט צווישן מענטשן און מע ווייס פון אַ וועלט. די מומע מאַלקעלע פלעגט זיך אויסקוקן אַ שמייכלענדיקע און אָנווײַזן די ניטהיגע, ווי אַזוי מע דאַרף זיך אופירן אין אַ טראַמוויַי; זי פלעגט אויך אויסבײַטן גרויסע מאַטבייעס אַף קליינגעלט און ביכלאַל האָט זי זיך געפילט פאַרבונדן מיט די מענטשן ניט ערגער ווי אין רעבזעהויף.

אָן אינצידענט האָט געטראָפן מיט פּעטער פּאַליען:

זיצנדיק אין טראַמוויַי, האָט זיך פּעטער פּאַליע געכאַפּט, אַז ער האָט ניט די צען קאָפּיקעס. דעמלט האָט ער זיך אויסגעקירעוועט צום שויב און גענומען קוקן אין דרויסן. מען האָט אים דערמאָנט, אַז ער דאַרף קויפן אַ בילעט. האָט ער זיך געמאַכט ניט הערנדיק און געקוקט אין דרויסן. און ערשט שפּעטער, בײַס אַ מיליציאָנער האָט אים שוין געשלעפּט פאַרן אַרבל, האָט ער זיך קאַלט אופגעהויבן און געפרעגט באַם קאָנדוקטער:

— עטאָ טוואָי טראַמוויי?

מאָלט אײַך, אַז דער טראַמוויי געהערט צום אַרבעטער־קלאַס, און פּעטער פּאָליע מעג זיך אַמאָל באַנוצן מיט אים אומזיסט אויכעט.

**3.**

טאַנקע און פאַלקע זײַנען אַוועקגעפאָרן קיין וולאַדיוואָסטאָק.

אויפן זעקסטן טאָג נאָך זייער אָפּפאָר איז אַ בריוון־טרעגער אַרויף אויפן רעבוזע־הויף און איבערגעגעבן אַ טעלעגראַמע.

מיר פאָרן (פּונקט) ס׳יי פריילעך (פּונקט).

טאָנקע פּאַלקע.

איז די מומע מאַלקעלע נאָכדעם אַרומגעגאַנגען מיט דער טעלע־גראַמע פון שטוב צו שטוב און איבערגעפרעגט:

— זעט, איר ווייסט ניט, וואָס איז זיי דאָרטן אַזוי באַפאַלן די שימכע?

— פינטיפליושקעס!

**4.**

פּעטער פּאָליע און בערע זײַנען געוואָרן, ענדלעך, גוט־פרײַנט.

דאָס האָט פּאַסירט אין אַ ווינטערדיקן רו־טאָג. בערע איז פון פרי אַרומגעגאַנגען איבערן שטוב אין באָרוועסער, אין די גאַליפע־הויזן. ער האָט אַ גאַנצן פרימאָרגן געקײַט ברויט און געלייענט צײַטונגען, נאָכדעם האָט ער אַרונטערגענומען די פיס אונטער זיך און אָנגעהויבן סטרויען דאָס באַלעלײַקעלע. בערע האָט זיך געפונען אין אַ גוטער לוינע. ער האָט אַרויסבאַקומען די זינג־שטים (פון בויך) און געזונגען:

אַז איך בין געפאָרן קיין ראָסטאָוו אויפן דאָן,
האָב איך מיטגענומען אַ לאַבן ברויט;
אַז איך בין געפאָרן קײן ראָסטאָוו אויפן דאָן,
האָב איך די בורזשויען געמאַכט דעם טויט.

דורכן פענצטער האָט זיך געזען דער הויף. ער איז געלעגן אַרומ־געדראָטעוועט מיט עלעקטרע און מיט ראַדיאָ. ער איז געלעגן אין די דראָטן, ווי אין אַלטער טשאָלנט־טאָפּ, אין וועלכן עס האָבן זיך אויסגע־קאָכט נײַע מינים זעלמעניאַנער — אָן בערד, אָן מילע, אָן נעגל־וואַסער.

אַ ראָב איז געשטאַנען צונויפגעהויקערט אויפן שפּיץ פון דער אַנ־טענע, און לויט דעם, ווי ער האָט געעפנט דעם שנאָבל, איז געווען קענטיק, אַז ער שטייט דאָרטן אויבן און שרײַט:

— הורא! הורא! הורררא!

פעטער פּאַליע איז ארוף אפן הויף. פעטער פּאַליע האָט געשמייכלט און געדרייט דעם וואָנץ. צי איז ער ניט אביסל שיקערלעך?

בערע איז דעמלט אראָפּגעלאָפן א באָרוועסער פון די טרעפּ און אדורכן פענצטער האָט זיך געזען, ווי ער נעמט אים אָן, פּאַליען, אונ־טערן ארבל, רעדט צו אים און טײַנעט צו אים. פעטער פּאַליע האָט זיך טכילעס געוועהרט, נאָכדעם זײַנען זיי אָבער אוועק צוזאמען.

*

אין שטוב זײַנען זיי אריַין ברויגעזע, שווײַגנדיקע. מען האָט גע־טרונקען אסאך טיי און געשוויגן. פעטער פּאַליע האָט טעמפּ געקוקט אפן פּאָדלאָגע. נאָכדעם האָט מען ווידער געטרונקען אסאך טיי און גע־שוויגן. פּלוצלונג האָט זיך דער כמורנער פעטער פּאַליע אָנגעשפּארט מיטביידע איילנבויגנס אָן טיש און א פרעג געטאָן פּראָסטע־מאָסטע:

— הער, בערקע, דו ביסט דער עמעסער קאָמוניסט, צי ניט?

— אנטקעגן וואָס ווילסטו עס וויסן?

— איך קלײַב זיך איצטער ריידן מיט דיר, ווי מיט א מענטשן.

— נו?

בא פעטער פּאַליען זײַנען די אויגן פײַכט געוואָרן פון הארציקײַט:

— הער, טײַערער יאט, סע ווילט זיך אמאָל האלטן א רעדע. ווי זאָגסטו? מען איז אן אלטער ארבעטער, איז ניט קיין אוּלע אוועק־שטעלן זיך אמאָל אף א פארזאמלונג און זאָגן אזוי און אזוי. אונדזערן איינעם הערט מען. אָט דו האלסט עפּעס רעדעס אמאָל?

— אויך שווער אף דער צונג, אָבער, אז מען רעדט—רעדט מען.

— הערסטאָך, בא מיר איז אן אנדער אומגליק—ריידן קען איך, נאָך איך האָב ניט וואָס!

און ער האָט אראָפּגעלאָזן טרויעריק דעם קאָפּ, בערע האָט מיטגע־פילט, האגאם, ער האָט זיך דערבײַ געטראכט, אז קיין רעדנער וועט שוין מיסטאמע פון פּאַליען ניט ארויסקומען.

כײַיעלע האָט דערלאנגט צום טיש דעם שיינעם קארטאָפל־טייגעכץ.

5.

פעטער איטשע האָט אראָפּגענומען די באָרד ענדגילטיק.

6.

מאראט איז געחען ניט געזונט אפן מעגעלע, אָבער ס'איז גאָר־נישט.

*

אָט דאָס זײַנען, אויסער אייניקע קלייניקייטן, די וויכטיקסטע נײַסן, וואָס זײַנען זיך פארלאָפן אין רעבזע־הויף נאָן פעטער זישעס טויט.

---

# 18

## פּעטער יודע.

דרײַ אזײגער פאַרטאָג האָט ער אָנגעצונדן דאָס קורניקל, וואָס פלעגט געװײנטלעך ברענען אין פירהויז פאַר די פאַרזעצטע גענדז. עס איז געלעגן אף די שויבן א סיווע, פאַרטײַעטע ווינטער־נאכט. ער האָט אָפּגעגאָסן באם עמער נעגל־וואסער. ער האָט אראָפּגענומען אן אלטן זעקל פון אויוון און גענומען פּאקן זיך אין וועג ארײַן—ארײַנגעטאָן דעם טאלעס און טפילן, דאָס פידל, א פונטל ברויט, א פּאָר ציבעלע,—אלץ, וואָס איז נויטיק א לעבעדיקן מענטשן אונטערוועגנס.

אינדרויסן איז געווען צו שטיל, אפּאָנים, אז ס'איז געשטאנען א פראָסט, האָט ער פאַר א סגולע ארומגעבונדן די אויערן מיט א פּאַטשײלקע און פארוקט דאָס נאסע בערדעלע אין קאָלנער. ער האָט זיך מיט דעם זעקל אף די פּלײצעס צוגעזעצט, אָנגעכמורעט צום לעצטן מאָל די פּײַכטע אויגעלעך, אריבער די שפּאקולן, ווי ער וואָלט זיך געקליבן עמיצן צו שטויסן, און שטילערהײט ארויס.

*

איבערן פינצטערן שנײ האָט זיך געטאָפּטשעט א מוטנע נאכט, פונוגטן ביז ארויף, אָן א הימל, אָן גאָרנישט. פּעטער יודע האָט געקענט דעם וועג—פאַרקערעוועט באלד אף רעכטס און אוועקגעשווומען איבער די געקאָװעטע פאַרשנײטע געסלעך, גלײַך צום דאָלהינעווער טראקט.

די אויגן האָבן זיך צוגעוווינט. פון דער נאכט האָבן זיך ארויסגעשײלט בוילעטערע כױשעכנישן פון שטיבער, סלופּעס, פּלענקענער, וואָס זײַנען געלעגן ארומגענומען מיט דער פינצטערער שטילקײַט, ווי אָפּגעדעמפּטע. עס האָט זיך א גאָס געטאָן פאַר די אויגן די בלוי־שנײיקע

ראכוועס פון די פעלדער, און פעטער יודע האָט פּלוצים דערשפּירט א זיסע רו אין די גליידער, אן אָפּקילעניש פאר זיין הייסן מויעך אונטערן היטל.

עס רעדט זיך וועגן א ווינטערדיקער סאָף נאכט אין די פעלדער, ווען עס גליקט ווען עס דורכצומאכן איינער אליין, מיט א זעקל אף די פּלייצעס, שטייענדיק און ווארטנדיק אף עפּעס פון דער גאנצער וועלט, ווי עס שטייט אמאָל א פויגל אף א צווייג און גלאָצט מיט דעם אויגעלע און גאפט, ניט פארשטייענדיק גאָרנישט און ניט פילנדיק גאָרנישט.

עס רעדט זיך וועגן דעם, וואָס פּראָסטע זעלמעניאנער האָבן איבערגעלעבט צייטנווייז באגייסטערטע רעגעס, ווי וואָראָנעס.

דער וועג האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, אוועקגעצויגן זיך בארג ארויף און בארג אראָפּ, ביז צו די פארגליווערטע סאָסנאָווע האָריזאָנטן.

פּלוצלונג איז אָנגעקומען א כווישעכניש און באלד נאָכדעם האָט אָנגעהויבן שאריען אף טאָג, פון דער רעכטער האנט. דער בלייכער שניי האָט אלץ בוילעטער געגומען ארויסבלאסן, ארויסגיסן זיך מיט דער קאלטער ווייסקייט, און ערשט אפּן צוועלפטן קילאָמעטער האָבן א שפּאר געטאָן פון אונטערן שניי, ווייט אין מיזרעך, די ערשטע פייערן פון טאָג, פונקט דאָרטן ווייט וואָלט אָנגעהויבן ארבעטן א גוס-פאבריק.

דער גייער איז שוין מיר געוואָרן גייענדיק.

עס האָט זיך געצויגן דער טראַקט ארויף א בארג, און דאָ אונטן, ווייט דער וואנדערער, דארף זיך געפינען א פּריצישער הויף, ווו ער האָט באָכערווייז געארבעט א זומער איבער סטאָליארקע (פעטער יודע איז באָכערווייז אויסגעווען א וועלט!). באלד האָט זיך טאקע באוויזן די פארשנייטע סעדער פונעם גוט. א בעראָזעווער וועג האָט זיך פארנומען אף לינקס צום אמאָליקן פּריצישן הויף, וואָס האָט דאָרטן ארויסגעקוקט מיטן רויטן דאך פון צווישן די געדיכטע טאָפּאָלן.

ס'איז געווען שטיל.

*

פעטער יודע איז ארײַן אין א ברייטן אָפּגעלאָזענעם הויף, ווו ס'האָט געטראָגן מיט ווארעמע מיסט און מיט פערד. ערגעץ פון א ווייטן שטאל האָט א רעווע געטאָן א בוהיי. דער גייער האָט אָפּגעטרייסלט דעם שניי

און אוועק גלייך צום צווייגאָרנדיקן הויז מיט דער הילצערנער קאָלאָנאַ־דע פון אַן אַלטן בעסמעדרעשל.

אין דער סומנער שטוב האָט געפלאַקערט אַ גרויסער אויוון, קאָכע־דיקע טעפּ. אין די ווינקלעך איז נאָך געווען פינצטער, ווי באַנאַכט. האַלב פאַרשלאָפענע ווייַבער האָבן ארומגעסמייעט איבער דער טונקלע־ניש, געוויגט אויפעלעך אַף די הענט, געשיילט קאַרטאָפל, געשייַערט טעפּ.

מען האָט אים באַגעגנט נייַגעריק, ווי אַף בייזע כּידושים.

פעטער יודע האָט אַראָפּגעוואָרפן ס׳זעקל, צוגעזעצט זיך אַף אַ ברעג באַנק, און פון אריבער די שפּאַקולן געגומען וואַרפן צאָרנדיקע בליקן צו די פרעמדע ווייַבער. מאַכמעס דאָס איז ניט געווען אין רעב־עהויף, האָט מען זיך אַרומגעקוקט, ניט פאַרשטאַנען דעם טאָך פון דעם מענטשן און לעיעסער־ביטאָכן אַרויסגעשיקט שטילערהייט נאָך אַ מאַנסביל.

פון הויף איז אָנגעקומען אַ יאָדערדיק יידל אין פולע כאַלעוועס, מיט אַ קורצער קאָלטענעוואַטער באָרד, ווי אַ פּליוך טינט, וואָס אינ־מיטן ווינטער האָט פון אים פאַרשמעקט מיט עפּל אין שטוב.

דעם יידן האָט מען גערופן כייַים.

כייַים האָט פאַרויכערט די ליולקע, אין אויוון און אַ פרעג געטאָן:

— פונוואַנען איז אַ ייד?

דעם פעטער יודען איז אייַנגעפאַלן אַרויסגעבן זיך פאַר אַ שטומען. דאָס איז אַסאַך באַקוועמער פאַר אַ פרעמדן מענטשן. נאָכדעם האָט ער עפּעס יע געבעבעט, וואָס פאַר כייַימען איז געווען צו שווער צו פאַר־שטיין. פעטער יודע, אַז ער וויל, מען זאָל אים ניט פאַרשטיין—קען ער. פאַר אַלעמען איז אָבער קלאָר געוואָרן, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט סטאַם אַ הונגעריקן יידן, וואָס וויל אָפּעסן.

אין „רויטן אַקער" איז מען שוין לאַנג ניט זשעדנע געווען אַף מי־טיק און מען האָט אים איבערגעלאָזן אין קאָלעקטיוו.

*

באַטאָג האָט זיך פעטער יודע אַרומגעדרייט איבערן הויף און באַ־קוקט די באַלעבאַטישקייַט. עס איז אים געפעלן געוואָרן אַ קאָלעקטיוו ביז גאָר. אַגעוו, האָט ער פאַרן טאָג עפּעס אופגעטאָן אויך, וואָס האָט פאַר איינוועגס געוואָרפן אַ שייַן אויך אַף דער פּראָפעסיע זייַנער.

וואָס האָט ער אופגעטאָן?

ערגעץ אין א שטעלכל האָט ער געפונען אן אומעטיקע הון. פעטער יודע איז א מומכע אף הינער, האָט ער זי א טאפ געטאָן און פעסט־געשטעלט, אז בא איר איז צעבראָכן אָ פוס. ער האָט זי אריינגענומען אין שטוב, געבעטן א מעסער, און א גאנצן טאָג האָט ער שוין געאר־בעט איבער דער הון. אינאָוונט איז זי, די הון, אוועקגעגאנגען אף א הילצערנעם פוס, אויבן ברייט און אונטן שמאָל, ווי א פיסל פון א באנק; האָבן זיך באלד אלע אָנגעשטויסן, אז מען האָט דאָ צו טאָן מיט א סטאָלער. דער „רויטער אקער״ נויטיקט זיך אין א סטאָלער.

באנאכט האָט זיך דער גאנצער קאָלווירט צונויפגעקליבן אין דער גרויסער שטוב; די מאנסביל ארום דעם גרויסן טיש, די ווייבער—אף די בעטן בא די ווענט, און מען האָט זיך א נעם געטאָן טאפן דעם פעטער יודען באם דויפעק, וואָס עס איז גאָרניט פון די לייכטע זאכן. ער האָט זיך בעשומויפן ניט ארויסגעגעבן.

— עפשער קענט איר עפעס א מעלאָכע?—האָט מען בא אים גע־פרעגט.

— עפשער קענט איר, רעב ייִד, ארומגיין ארום בעהיימעס?

— עפשער קענט איר, פעטער, ארומגיין זארום אויפעס?

מאָלט איין, אז פעטער יודע קען אלץ, און אויב מען וויל, וועט ער נאָך טרעפן אָפלערנען מיט די קינדער א פארשע כומעש אויך, אזוי בישטיקע. דאָס וויל מען ניט? מאכט ניט אויס, וואָרעם אן אפיקוירעס איז ער אויכעט. ער האָט אסאך ראַיוינעס וועגן דער גאָטהייט, וואָס שטעלן אוועק די זאך גאנץ אנדערש: ער פארבינדט די עמונע מיט עלעקטרע, מייסעס־כאוזדעס... אלפי רוועך־האזמאן... דעריקערשט וויל ער אָבער, מען זאָל אים צולאָזן צו די אויפעס. זומער וועט ער גיין גראָבן כריין, קלייבן שטשאוויע, שוועמלעך, און וועגן סטאָלעריי—קיין איין וואָרט ניט.

פלוצלונג איז אים איינגעפאלן א נייער פאך:

— עפשער דארף מען, עמיצער זאָל שפילן פידל?

פעטער יודע האָט נאָכדעם געשפילט פידל. עס לאָזט זיך אויס, אז די קאָלווירטניקעס האָבן ליב יענעם אויסצוהערן און זיי פארשטייען זיך אויך גאנץ נישקאָשעדיק אף א שטיקל נעגינע. מען האָט געלעקט די פינגער. דעמלט איז פעטער יודע אריין אין היסלאוועס און אָפגעשפילט וועגן דער הון.

פרעגט זיך, וועגן וועלכער הון?

ער האָט געשפּילט אַפן פידל וועגן אן אמאָליקער הון, וועגן א הון פון יענע צייַטן, ווען אונדזער שטאָט איז געלעגן אין הארמאטן־פייַער. באַלעבאָסטעס פון דער גאנצער גאס האָבן פארשלאָסן די שטיבער און אראָפּ אַלע צו רעב זעלמעלען אין קעלער. פּלוצלינג האָט זיך דער מומע העסיען פארגלוסט א הינערשע זופּ. פאַרוואָס? אין דער שטיקעניש האָט זי אזוי לאנג געקוקט אף רעב יעכעזקע דעם שויכעט, ביז עס האָט זיך איר פארוואָלט אָף; כאפּט זי א הון, דער שויכעט ציט ארויס דעם כאַלעף, און מען גייט ארויס אין הויף שעכטן. עס האָט דעמלט א זעץ געטאָן אין הויף א ווילדער פייַער און ארויסגעשלאָגן ווו נאָר א שויב. דערנאָך האָט א שאָכן אָנגעקלאפּט אין קעלער, מען זאָל ארויסגיין. די מומע העסיע איז געלעגן רויִק און בלאַס ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען, נעבן איר איז געלעגן מיט דער באָרד ארויף דעם שויכעטס קאָפּ, און ער, דער שויכעט גופע, איז געלעגן אף אן אייַנגעפאלענעם פארקן מיטן כאַלעף אין האנט.

דערבייַ איז געשטאנען די הון און געפּילאָזאָפירט.

*

אזוי ארום איז דער פעטער יודע אין העלפט ווינטער געוואָרן א קאָלווירטניק מיט א שאַליק אַפן האַלדז און מיט א שטרויַ אין באָרד. ער האָט באַנומען די זאַך. פאַרהאַוועט מער פון אַלעמען, איז ער שטענ־דיק ארומגעגאנגען איבערן הויף מיט א האַק, מיט א פלאָקן; דאָ האָט ער אויסגעטעסעט א הילצערנעם מאַרוקער צו א טיר, דאָ האָט ער אָפּגעבאָדן א גאנדז, דאָ האָט ער גאָר צורעכט געמאכט א שמירעכץ צו א לישיַ פאַר א טראָגעדיקער קאָלווירטניצע אַפן ליטקע.

א כאַזאָקע, אז קאָלווירטניצעס זייַנען שטענדיק פארנומען אין טראָגן, ווייַל זייערע מאַנען זייַנען אף דער פרישער לופט, האָבן זיי (די קאָל־ווירטניצעס) לישייַעס, און פעטער יודע האָט צו זיי (צו די לישייַעס) זאַלבן און שפּרוכן אַלערליי. דעריבער האָבן צו אים געקלעפּט די ווייַבער. היילן פלעגט ער זיי היילן פאַרטאָג, מיט א האַלאָוועשקע אין האנט און מיט שפּרוכן אין ווייַסרוסיש:

דזען דאָברי, לישייַ!
לישייַ, פּראָפּאַדייַ...

דאָס אַלץ איז דאַווקע פאָרגעקומען בעסאָד, אָבער אַף אַן אומפאַר־שטענדלעכן אויפן איז עס דאָך דערגאַנגען צו די צוויי קאָמיוניסטן פון „רויטן אַקער". מיט פעטער יודען האָט שוין געהאַלטן שמאָל. מען האָט צו אים געזאָגט מיטן הארבן וואָרט:

— רעב קאָרעוו, קײַן קיידאָרים דאַרפן מיר דאָ ניט...

א גליק, וואָס די ווײַבער האָבן זיך פאַר אים אײַנגעשטעלט. ער האָט צוגעזאָגט, אז אַף ווײַטער פאַרנעמט ער זיך נאָר מיט אויפעס, צו וואָס ער איז באַרופן, און מיט טראָגעדיקע קאָלווירטניצעס—ניט.

פונקט צו יענער צײַט האָט דער מילכיקער געבראַכט פון שטאָט אויספירלעכע יעדיעס וועגן פעטער יודען, אז ער איז געמלעך—א זעל־מעניאַנער, א סטאָלער און אַן אַלמען, האָט עס פאַריכט זײַן מאַראָכע. דעריקערשט האָט אויסגענומען, וואָס ער איז טאַקע א סטאָלער.

דער מילכיקער האָט, אגעוו, איבערגעגעבן דעם פעטער יודען א בריוועלע פון צאַלקען, ווו ער שרײַבט אים וועגן זײַן געזונט און וועגן דעם, אז פעטער זישעס ייִנגערע מיידל—טאָנקע,—אויב ער געדענקט זי, אָט די, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין וולאַדיוואָסטאָק, איז זי דאָרטן גע־וואָרן, אַזוי גוט, ווי העכסט אויסגעלאָסן. עס איז פּראָסט א שאַנדע צו האָבן אַזאַ איינע אין דער מישפּאָכע! און נאָך מער איז דער פאַר־דראָס,—שרײַבט צאַלקע צום טאַטן,—וואָס דעם פעטער איטשעס בענאָק, פּאַלקע, דרייט זיך דאָרטן אויך אַרום, זיי שרײַבן צעלאָזענע בריוו, און עס איז פאַראַן א מוירע (!), אז זיי האָבן כאַסענע געהאַט. איך בין פּראָסט צעבראָכן פון דער זאַך,—שרײַבט ער—און איך ווייס ניט, וואָס אָנהויבן צו טאָן.

פעטער יודע האָט אַרײַנגעלייגט דאָס בריוועלע אין קעשענע אַף היצטאַרכעסן.

דער מילכיקער האָט אים אויך איבערגעגעבן שוין א מינדלעכע יע־דיִע, אז די באָבע באַסיע פילט זיך עפּעס ניט אײַנגאַנצן בעקאַוו האַבוריִע (ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען, נאָר די באָבע באַסיע איז נאָך אַלץ ניט געשטאָרבן!).

די קאָלווירטניקעס זײַנען געשטאַנען אַרום דעם פעטער יודע און געוואַרט, ער זאָל זיך מוידע זײַן אין זײַן אָפּשטאַם. פעטער יודע האָט אָבער אַלץ געפּרווט לייקענען אין דער מישפּאָכע; ס'איז א בילבל, קלוי־

מערשט, אז ער האָט אַ שייַכעס צו זעלמעניאַנער, געבראַכט אַפילע באַ־ווייַזן דערצו, אָבער מיטאַמאָל איז עס אים מיִעס געוואָרן, און מאָלע־כיימע איז ער אַוועק צו די אויפּעס, כאָטש קיינער האָט אים קיין שלעכטס ניט געטאָן.

מיט די הינער האָט ער זיך שוין געהאַט אייַנגעלעבט אָפן בעסטן אויפן. מען זאָגט, אַז ער פלעגט זיצן און ריידן צו די אויפּעס. מען זאָגט אויך — און דאָס לייגט זיך שוין שווער אָפן סייכל — אַז ער האָט אַמאָל אַפילע אויפגעשפילט פאַר די אויפּעס אָפן פידל. דאָס מערקוויר־דיקסטע איז אָבער אָט דער אומגעלומפּערטער קלאַנג, וואָס ווערט אומעטום פאַרשפּרייט, אַז באַ די אויפּעס האָט זייַן שפילן אויסגענומען, און זיי האָבן געוואָלט נאָך.

*

סי ווינטער. באַנאַכט בראָדעט אַמאָל אַ מאָגערער וואָלף איבער די פליינען. פויערים האָבן שוין צוגעגרייט פאַר אים אַ וואָלפן־גרוב אין פעלד, אָבער ער, דער וואָלף, באַווייַזט זיך נאָר אין מיטן נאַכט באַם האָריזאָנט, משאַטעוועט פון הינטער אַ הרודע שניי, לאַנג־לאַנג און ווערט נאָכדעם פאַרשווונדן אין פאַרפאַפטן וואַלד.

דער „רויטער אַקער" ליגט צווישן זייַנע פאַרשנייטע סעדער און עטעמט מיט אַלע שטאַלן, מיט דעם וואַרעמען מיסט פון אונטער ברייט גיידערדיקע בעהיימעס, מיט דער זייַערקייַט פון נאַסע מילך־שעפלעך.

א לויכטנדיקע שטילקייַט גליוערט איבער ווייַטע, פינקלענדיקע מייַלן. שניי און שניי און שניי.

פעטער יודע כאַפּט זיך אַמאָל אַראָפּ אין דאָרף אויכעט. מע ווייס, אַז ס'איז דער נייַער קאָלווירטניק, וואָס שפּילט אָפן פידל. ער שפּאַצירט דורך דעם דאָרף, די הענט אַפּהינטן, און קוקט אַרייַן קורצזיכטיק־באַלעבאַטיש אין די פויערישע הויפן. פעטער יודע איז דאָ אַ היימישער מענטש. ער האָט שוין אַפילע באַוויזן אויסצוגעפינען אַ כאַווער אין דאָרף, אַן אַלטן פויערל, אַ טעפּער.

*

אין דער וואַרעמער כאַטע זיצט מען — דער פעטער יודע און דער טעפּער — באַ די בלויע פענצטערלעך און מען שמועסט פון וועלט־זאַכן.

— אין מאָסקעווע, — דערציילט פעטער יודע, — מאַכט מען שוין הינער פון וואטע.

— ס'איז א ליגן, — זאָגט דער טעפער.

— א מאשין אזא איז פאראן, — דערציילט פעטער יודע.

— און די נעשאָמע זייערע איז פון וואָס פאר א מאטעריאל? — פרעגט דער טעפער.

— פון עלעקטרע, — זאָגט פעטער יודע.

— אזוינע הינער לאָז איך ניט ארוף אפן שוועל, — זאָגט דער טעפער.

— ניט קיין בייז! — ענטפערט פעטער יודע.

שנייַ און שנייַ.

פעטער יודע און דער טעפער זייַנען ווי צוויי ווינטערדיקע רעטעכער אונטערן שניי. זיי האָבן זיך מוירעדיק ליב. עס טרעפט, אז דער טעפער גיט אָפּ פעטער יודען א וויזיט אף צוריק, ועצן זיי זיך אוועק אין הינערשטוב און טאפּן די אויפּעס.

דאָס איז א גוטער אָפּרו.

ביכלאל איז פעטער יודען אוועק גוט און ער האָט אפילע אנוסטן, בייס דער טעפער איז צו אים געקומען, געגעבן אברייטן שמייכל. דאָס איז געווען א מאָדנע זאך צו קוקן: די אויגן האָבן זיך פארמאכט, קנייטשלעך זייַנען זיך צעלאָפן איבערן גאנצן פּאָנעם, דערבייַ האָט ער געעפנט דאָס מויל און בלויז איין שמוציקער צאָן האָט געסטארטשעט אין מיטן דזשאסלע.

לויט דעמדאָזיקן שמייכל איז צו זען, אז פעטער יודע האָט, ענדלעך, געפונען זייַן באַרויִקונג. אָבער, ליידער, ניט אף לאנג. עס האָט פּאסירט אן אומגליק, וואָס קיינער האָט ניט געקענט פאָרויסזען, און פעטער יודע איז פלוצלינג גראָ געוואָרן אין מעשך פון איין נאכט.

*

אין דאָרף איז פאָרגעקומען א סימכע. פעטער יודען האָט מען פארבעטן שפּילן אפן פידל. דעמלט איז דער טעפער געקומען אין „רויטן

אקער" העלפן דעם פעטער יודען מייכן זיַין זיך צום שפּיל, ווי אַלע מאָל פאר פעטער יודעס אַן ארויסטרעטונג, און מען איז אוועק.

אפן וועג האָבן די כאוויירים אויסגעזען, ווי צוויי אַלטע בעזימער, האגאם לאכן איז ניטאָ פון וואס.

אין אָט דעם אָוונט איז פעטער יודע געווען באזונדערס אופגעראמט, געברענט ווי צונטער, האָט ער אופגעשפּילט די מאַראַלישסטע זאכן. מען האָט אים אוועקגעשטעלט אף א טיש און ער האָט געשפּילט.

נאָכדעם האָט מען גענומען א קאפּ.

דער טעפּער, וויבאלד ער נעמט צו די ליפּן, שלאָפט ער איַין, און פעטער יודע האָט וויַיטער געשפּילט. די פויערישע פּאַרלעך האָבן גע־טאנצט ווי אַלע מאָל: טכילעס אין שטוב, נאכער אין פּירעס, נאכער — שיידים וויסן ווו.

פעטער יודע האָט געשפּילט מיט רעציכע. ער האָט דערזען, אז אין שטוב איז שוין מער קיינער ניט איבערגעבליבן, איז ער ארויס שפּילן אפן גאס.

שניי און שניי און שניי.

דער שניי איז געווען ליכטיקער פון פיַיער. די לעוואָנע איז גע־שווומען פון אונטערן שניי. שטיל. שארף אָפּגעטעסעטע פעלדער אָן א פּיצל פלעק. עס שטייט א ציילעם און נעבן אים אפן ריינעם שניי — א קורצער, ציכטיקער שאָטן. איין שטערן הענגט איבער די פארגליי־ווערטע פעלדער גרעבער און קאלטער פון אַלע.

פעטער יודע הויבט אומגעלומפּערט די פיס און שפּילט, און שפּילט, און שפּילט. די לעוואָנע דריקט אפן היטל. פּלוצלינג האָט זיך די פוס ערגעץ א רוק געטאָן, די גאנצע געגנט האָט אופגעצאפּלט, איבערגע־קולעט זיך, און ער איז אריַינגעפאלן אונטערן שניי.

דעמלט איז פעטער יודע ניכטער געוואָרן, א קער געטאָן זיך און דערשפּירט רויע צוגעפּראָרענע ערד. ער האָט גענומען טאפּן ארום זיך די שפּאקולן. אין דער כוישעכניש, ניט וויַיט פון אים, האָבן גע־בלאָנדזשעט צוויי פּאָספּאָרישע פיַיערלעך און געטראָגן האָט עפּעס מיט א שווערן רייעך פון פעל.

אנו, ווּ געפינט ער זיך דאָ, פּעטער יודע?

ביסלעכווײַז האָט ער ארויסדערזען אינעם פינצטערן ווינקל — א וואָלף אף די צוויי הינטערשטע פיס.

פארטאָג האָט מען אים ארויסגעשלעפּט פונעם וואָלפן־גרוב מיט א סיוו בערדל.

---

19

* * *

דער טעפּער איז פֿאַרשטייט זיך געשטאָרבן.

20

# אַ בריוו פון ווּלאַדיוואָסטאָק.

מײַנע טײַערע עלטערן,

אַנטשולדיקט מיר, וואָס כ׳האָב אַזוי לאַנג ניט געשריבן. עס איז פּראָסט ניט געווען קיין צײַט. מיר זײַנען אַזוי אָנגעלאָדן מיט אַרבעט, איך און טאָנקע, אַז אָן אײַך, מײַנע טײַערע, פאַרגעסט מען שוין אײַנגאַנצן. איצט וועלן מיר שוין אָבער שרײַבן אָפטער.

איך האָב זיך דאָ נענטער באַקאַנט מיט טאָנקען, ווײַל איך האָב מיט איר, ווי מען זאָגט עס אויף אײַער לשון, כאַסענע געהאַט. זי איז אַן אינטערעסאַנטע יאַטיכע, איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן דער זאַך פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. פונעם קליינבירגערלעכן אינדיווידואַליזם האָט זי זיך שוין קימאַט ווי באַפרײַט. איך גלויב, אַז אין פּראָצעס פון דער אַרבעט וועט זי זיך אויסגלײַכן אינגאַנצן, און מיר וועלן באַקומען אין איר אַ ווירקלעכע קלאַסן־אויסגעהאַלטענע טוערן אויפן ווירטשאַפטלעכן פראָנט.

מײַנע ליבע, דער ענטוזיאַזם פון אַרבעטער־קלאַס איז גרויס, מען זעט עס אין אַלע געביטן פון אונדזער בויונג. אָבער מען מוז מודיע זײַן, אַז די איניציאַטיוו פון די אַרבעטנדיקע ווערט ניט שטענדיק אונטערגעכאַפּט ווי געהעריק, און אַסאַך מיליאָנען, אויב ניט מיליאַרדן, גייען פאַרלאָרן פאַר דער מעלוכע.

איר פרעגט בײַ מיר, וואָס טו איך, און צי האָב איך שוין אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט? מײַנע נאַיווע, נאַיווע עלטערן, וועגן וואָס איר זיצט דאָרטן און איר טראַכט! איך בין אַרויסגעפּאָרן פונדערהיים ניט קעדיי צו קלײַבן געלט. איך בין געקומען אַהער שטעלן זיך אויף אייגענע אין די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אָפּשניטן פונעם בוי־פראָנט — אויפן קולטור־

פראָנט. די אָנפירנדיקע ראָל אין דער קולטור־בויונג בא אונדז אין סאָוועטן־פארבאנד, ווי אין דער גאנצער סאָצבויונג, האָט געהערט און בלייבט בא דעם פראָלעטאריאט. אָט פארוואָס די פארטיי שטעלט זיך פאר אן אויפגאבע, דער פראָלעטאריאט זאָל באהערשן אלע געביטן פון קולטור, וואָרעם פון דעם איז, פון איין זייט, אָפּהענגיק דער פראָלעטארישער אינהאלט פון דער קולטור, און פון דער צווייטער זייט, וועט עס העלפן נאָכמער פארשטארקן די ווירקונג פון פראָלעטאריאט אף די גרונט־מאסן פון פויערטום.

מיינע טייערע, טאָנקע איז אוועק אף א זיצונג, זי וועט קומען מיסטאָמע שפעט באנאכט; דעריבער הייך איך איצט דעם אויוון און כ'וועל שוין איבערלאָזן פאר איר א טשייניק טיי. זי האָט, מיין יאטיכע, א גרויסע געזעלשאפטלעכע אָנלאָדונג, און ניט נאָר זי, מיר ארבעטן איצט אלע זייער אָנגעשטרענגט, ווייל קיינער לייקנט ניט, אז מיר האָבן נאָך גרויסע שוועריקייטן אף אונדזער זיגרייכן וועג צום סאָציאליזם.

מיר האָבן די טעג געהאט אן אינטערעסאנטע פארזאמלונג וועגן קאמף קעגן די פארלוסטן. טאָנקע האָט פאר א טויזנטקעפּיקן ארבעטער־אוילעם איבערגעגעבן א ריי אינטערעסאנטע פאקטן און ציפערן, וואָס שילדערן אונדזער נאכלעסיקע באציונג צו די אינעווייניקסטע רעסורסן, אזא קלאָרקייט פון געדאנק האָב איך שוין לאנג ניט געזען. אונדזערע פארלוסטן אין דער ווירטשאפט ווערן געשאצט אין הונדערטער מיליאָנען רובל. 200 טויזנט טאָן איבעריקן מעטאל גיבן מיר אויס יעדן יאָר. 1,5 מיליארד איבעריקע ציגל גייט בא אונדז אוועק בלויז דערפאר, וואָס מיר בויען, לויט דער אלטער געוווינהייט, צו דיקע ווענט. די אָפּפאלן פון דער דערנערונג־פּראָדוקציע קענען אונדז געבן יעדן יאָר לויט די אויבערפלעכלעכע אויסרעכענונגען 200 מיליאָן רובל. נאָך אן ערגערע לאגע האָבן מיר אין געביט פון לאנדווירטשאפט. דאָס פארבייטן די איינפאכע זריע אף סעלעקטירטע קען געבן א העכערונג פון גערעטעניש אף גאנצע 20 פראָצ. מיר זשאלעווען שוין צופיל מיטלען אין קאמף קעגן די פעלד־מאשכיסים, ווען דידאָזיקע הויצאָעס קענען באלד געדעקט ווערן מיט רעווען. זיסעלעך, לעמאָשל, עסן אוף יעדן יאָר בלויז אין ר.ס.פ.ס.ר. פאר 45 מיליאָן רובל ברויט, דער הייישעריק — פאר דרייסיק מיליאָן, קאָרן־ווערעם — פאר זעכציק מיליאָן, טרעספּן — פאר 172 מיליאָן א. א. ו.

די אלע ציפערן האָט טאָנקע אויסגענוצט גלענצנדיק. פריער האָבן זיך די ספּעצן באַצויגן צו איר פונויבן אראָפּ, נאָר איצטער איז שוין טאָנקע זינאָוויעוונע א גרויסע מארקע אין ווירטשאפטלעכע פראגן. עס איז מיט איר גאנץ פריילעך. מיטיק עסן מיר צוזאמען אין א צ. ר. ק. מיר בייטן זיך מיט אונדזערע מיינונגען, לאכן, קערן איבער די וועלט, אזוי, אז אמאָל הייסט מען אונדז פּאָשעט אָפּטראָגן זיך פון קיך. אינ־אָוונט און אינדערפרי קומט מיר אויס צו פירן די שטוב־ווירטשאפט. טאנקע זאָגט, אז צוליב דעם האָט זי זיך מיט מיר פארבונדן, קעדיי איך זאָל פירן די באלעבאטישקייט. נאָר, מיינע מיידע, אָט דער נומער וועט ניט דורכגיין. איך האָב נאָך גענוג ווילן צו פארטיידיקן מיין זעלבשטענדיקייט און ניט ארונטערפאלן אונטער קיינעמס ווירקונג, מעג עס זיין אפילע טאָנקע. אין עקיזם וועט מיך קיינער ניט באשול־דיקן!

וואָס הערט זיך בא אייך? וואָס מאכט דער טאטע, די מאמע, דער ראדיאָ? זעט אומבאדינגט ניט ארופשטעלן אפן אופנעמער קיין טיי, געקעכטס א. ד. גל. וואָרעם, ווען עס זאָל זיך ארייננגיסן אינעווייניק זופּ, פארשטייט איר אליין, אז ס'איז פּאָשעט א פארברעך. עס איז נויטיק צו פארלענגערן דעם ראדיאָ־מאסט. דאָס קען דער טאטע דורכ־פירן מיט די אייגענע קויכעס אפן פאָלגנדיקן אויפן: מען דארף נעמען צוויי פלעקענער און דורכפירן בא די עקן צוויי קווער־ליניעס, וואָס טיילן זיי אף 4 גלייכע טיילן, דורכזעגן לויט די ליניעס ביידע פלעקע־נער אף 35 ביז 70 סמ. אָפּהענגיק פון דער לענג, נאָכדעם ארויסנעמען די שטיקלעך מיט א דלאָטע, איין פלאָקן ארייננ־זעצן אין דעם אנדערן, און אף די עקן פון דער פארבינדונג אָנטאָן אייזערנע רינגען. אָט אזוי ווי איך צייכן אָן:




בא מיר אין קעסטל, אפן בוידים, וועסטו גע־פינען אלע מאכשירים, וואָס נויטיק איז, זאָלסט אָבער נאָכדעם אומבאדינגט אוועקלייגן אלץ אף אן אָרט. שיק מיר שוין צו, טאטע, פאר איין גאנג מיינעם א ביכל, אפן פּאָליצע אויבן, ווו די מאמע טריקנט די קעז. דאָס ביכל הייסט: „גלאָובעראָווא סאָל קאראבוגאזסקאָווא זאליווא".

יאָ, מײַנע טײַערע, מען מוז ארבעטן, ארבעטן, ארבעטן. אין פילאָ־סאָפיע בין איך שוואך. מיר דארפן אָבער קאָנען דענקען שטרענג דיאַלעקטיש, באנעמען די דערשײַנונגען אין זייער פראָצעס, און איך בין זיך מודע, אז מײַן קאָפּ איז פאר אָט די זאכן צו שווערלעך טאָנקע ווײַזט מיר יאָ אמאָל אָן, זי איז אָבער ניט געדולדיק׳ און אז איך פארשטיי ניט באלד אפן אָרט, ווערט זי אינקאעס, כאפּט דעם מאנטל און אנטלויפט. נאָכדעם רעדט זי ניט מיט מיר א פּאָר טעג. דאָס איז, לויט מײַן מיינונג, א רעשטל פון איר אינדיווידואַליסטישער פּסיכאָלאָגיע. מיר שטאמען פאָרט פון קוסטארישע קליינבירגערלעכע על־טערן. פאר ארבעטער פון ווארשטאט זײַנען פרעמד אזוינע אינטעליגענ־טישע גענג. זי איז נאָך יונג, און קומענדיק אין ענגער באריַרונג מיט דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאריאט, וועט זי זיך שוין, האָפנטלעך, אויס־היילן (און איך אויך) פון אלע קליינבירגערלעכע קנייטשן.

יאָ, מיר האָבן נאָך אסאך דורכצומאכן!

אײַער פאלקע.

פּ. ס. וועגן דײַן פראגע, מאמע, צי קען מען בא אונדז אין צ.ר.ק. באקומען שטעקל־ספּעצעס און זאפּרען, גלויב מיר, אז איך האָב ניט קיין צײַט צו גיין נאָכפרעגן, נאָר מיסטאָמע איז פאראן. שרײַבט וועגן אלץ, וואָס קומט פאָר אין הויף. די באָבע איז שוין געשטאָרבן, צי ניט? אויב זי איז געשטאָרבן, שרײַבט אָן, צי האָט מען זי באגראָבן נעבן דעם זיידן און דעם פעטער אָדער ערגעץ אנדערש ווו, און ווי זי האָט זיך אופגעפירט פארן טויט, אויב ניט—געריסט זי הארציק פון מיר און טאָנקען.

איך.

מײַן טײַערע מאמע,

איך באנוץ די געלעגנהײַט אויסצודריקן דיר א דאנק, וואָס דו האָסט מיך געבוירן אין אזא גרויסער און אינטערעסאנטער צײַט. פאלקע איז מײַן מאן, זאָלסטו, אלזאָ, ניט מוירע האָבן, אז כ׳וועל פארזיצן ביז אין גרויען צאָפּ... ער איז ניט קיין שלעכטער יאט. א קוש, א קוש, א קוש!

איך וועל דיר בעטן, מאמע, איבערגעבן יאָשקע דעם געלן (כאָניע דעם שוסטערס זון פון צווייטן הויף), אז די טעג וועל איך אים ענט־

פערן אפן בריוו. איך פארשטיי אָבער ניט זייַנע שטימונגען. זאָג אים, אז זיי פאָדערן ניט, מיסטאָמע, ווי עס באדארף צו זייַן. בא אונדז איז די קאָלאָפּמאך־קאמפאניע דורכגעגאנגען מיט דעם גרעסטן ענטוזיאזם. די ארבעטער האָבן ארויסגעשטעלט הונדערטער פאָרשלאגן. זאָל ער זיך ארומקוקן און ער וועט זען, אז אפן זאוואָד איז שוואך אוועקגעשטעלט די דערציונג־ארבעט.

מאמע, גיב אים איבער, אז באָראָווקע און ניוטע זייַנען געוועז בא אונדז א פאָר טעג. זיי זייַנען דעלעגירט געוואָרן פון סאָיוז־ריבא קיין קאמטשאטקע ארבעטן אף דעם פיש־פאנג.

דייַן טאָנקע.

# 21

## די באָבע באשע.

פרעסט. געשליפענע טעג, ווי לעוואָנע־נעכט. דער הויף איז, ווי אין קאלטן פאַרצעלייַ. פארוויקלטע זעלמעניאנער קלייַבן זיך אין הויף און סוידען זיך. וואָסי? ענדלעך האָט זיך די באָבע באשע אנידערגע־לייגט צום בעט. מע מיינט, אז אף זיכער, ווייַל זי נעמט שוין ניט צו קיין עסן.

די מומע גיטע איז ארויס פון דער באָבעס שטוב מיט איר שטענ־דיק שווייַגנדיקן ראבאָנישן פּאָנעם, געוואָרפן א פילוויסנדיקן בליק צום הויף, און געבליבן שוין אזוי שטיין אפן שוועל. די מומע גיטע פאר־שטייט זיך אף אזוינע זאכן, האָט מען זי ארומגערינגלט פון אלע זייַטן.

— ווי איך בין מעשייַער,—האָט זי געפרווווט נאָכמאכן איר טאטן, דעם סאָלער ראָוו, זיכרוינע צאדיק ליוורעכע,—וועט די יעציִעס געשאָמע אויספאלן א קייַמעלאָן, ווי נאָך האלבער נאכט...

— פארוואָס דארף עס דויערן אזוי לאנג?—האָבן זיך זעלמעניאנער געערגערט.

זי האָט א צוק געטאָן מיט אקסלען אזוי צו זאָגן: איך בין פאר גאָר־נישט ניט פאראנטוואָרטלעך.

*

די זייַלן פון דער מישפּאָכע פעלן. ניטאָ די פעטערס, די צוויי, די געניטע פירער, וואָס האָבן יאָרן לאנג געדרייט די ראָד פון דער זעל־מעניאנישער געשיכטע; ניטאָ זיי, די גרויסע זעלמעניאנער, וואָס האָבן בלויז מיט א קוק אָנגעוויזן יעדערן דעם אָרט. איצט רודערט מען אינ־דערפינצטער. עס ליגט די באָבע באשע הינטערן אויוון, ווי אן אָפּ־

געפּליקט געגדזל, און עפּעס זעט מען ניט, אז עמיצער זאָל אָנפירן מיט דער זאַך. מען וועט אפילע ניט וויסן, מישטיינס געזאָגט, ווען צו לאָזן א טרער.

— אוי, זיינען מיר עלנט, עלנט, ווי די שטיינער!

אָט דאָס האָט געזאָגט א מענטש מיט דעם אָנבליק פון פעטער איטשען, נאָר אָן א באָרד, און צוויי גראָבע טרערן האָבן זיך ארויס־געקייקלט פון זיינע פארומערטע אויגן. ער האָט א הויב געטאָן דעם ארבל און אָפּגעווישט ניט די טרערן, נאָר די נאָז. אף אזוי פיל איז ער געווען צעטראָגן!

*

באגינען איז מען געקומען צו דער מומע גיטען מיט טארומעס:

— סטייטש?

די באָבע באשע לעבט און זי פילט זיך דאפּקע בעסער. מען איז דעמלט אלע אוועק צו איר, צו דער באָבען, ארומגעשטעלט זיך ארום בעט. די מומע גיטע האָט זי לאַנג באטראכט, אויסגעפּאָרשט מיט אירע קיידאָרישע בליקן און ענדלעך האָט זי א זאָג געטאָן:

— זי איז א ליודסקע, אזוינע שטארבן שווער, נאָר עס וועט ניט לאנג נעמען.

די באָבע איז שטיל געלעגן מיט דעם אָפּגעשאָרענעם קעפּעלע אפן שמוציקן קישן,— א קליין הייפל ביינדעלעך ארומגעדרייזשעט פון דער צייט, נאָר זי האָט געעטעמט. עס איז געווען פארדראָסיק אף איר ביז גאָר. דעם פעטער איטשען האָט פארקלעמט אין הארצן, ער האָט זיך צערטלעך אריבערגעבויגן איבערן קישן:

— מאמע, סי דיר שלעכט?

האָט זי געעפנט צוויי קליינע מוטנע אייגעלעך, ווי בא א פייגעלע, און מער גאָרנישט.

*

אינאָוונט זיינען אָנגעקומען בערע און פּאָליע. איצט איז מען שוין ארומגעגאנגען צוזאמען איבער די קלובן, אף די זיצונגען און פארזאמ־לונגען. בערע האָט פאראָרדנט—צורעכט מאכן א בעט אין דער גרויסער שטוב. נאָכדעם האָבן זיי ארויסגענומען די באָבען פון הינטערן אויוון, איבערגעטראָגן אפן פרישן געלעגער, אז שוין פון דעם אליין האָט זי

זיך אביסל אָפּגעטשוכעט. זי האָט אפילע אָנגעהויבן קרעכצן, געעפנט די שפּעלטעלעך פון די אויגן, פול מיט ביטערן פארשטאנד, ארומגע־בלאָנדזשעט און באקוקט אלץ, ווי א פּאָלנער באַרדאַעס.

די ווייבער האָבן ערשט איצט דערזען, סארא גינציקער אייניקל דער בערע איז, האָבן זיי אים אויך געוואָלט מיט עפּעס צו ליב טאָן און געזאָגט:

— מע דארף האָבן ווארעניע!

— זעט, מע דארף האָבן אביסל ווארעניע, מאכמעס זי איז פאר־שמאכט!

די באָבע האָט זיך צו אלץ צוגעהערט. מען האָט געזען, ווי זי נעמט צונויף דאָס לעצטע ביסל אָטעם און וויל עפּעס זאָגן. פעטער איטשע איז באלד געשטאנען נעבן בעט. זי האָט דעמלט צונויפגענומען דאָס לעצטע ביסל אָטעם און געבעטן א געפעליקייט, אז מען זאָל זען אויס־דרייען די עלעקטרע, מאכמעס בא אזא פייער, — האָט זי געזאָגט, — קען זי ניט שטארבן.

פעטער איטשע האָט זיך ארומגעקוקט מיט פארצווייפלונג (די פראגע איז געווען א פּרינציפּיעלע), נאָר בערע האָט צו אים א ווונק געטאָן:

— הויב זיך ניט אָן מיט איר, דריי אויס!

אָנגעצונדן א לעמפל. די זעלמעניאנער האָבן זיך שוויַיגנדיק ארום־געזעצט ארום בעט אָפּהיטן די יעציִעס־נעשאָמע, וואָרעם קיין זייטיקע שטערונגען זיינען שוין, דאכט זיך, אזוי גוט ווי ניט געווען. זי האָט טאקע באלד אָנגעהויבן גויסעסן, אויסגעצויגן די פיסלעך אונטערן קאָלדרע און דאָס פענעמל איז געוואָרן אש.

— אן ערלעכע ייִדענע געווען, ניט פארנומען יענעמס, וואָס א האָר איז ווערט!

דאָס לעמפל האָט גערויכערט. א שיטערער טויטער פייערל איז גע־פאלן נאָר אפן בעט און אף די ביינערדיקע זעלמעניאנישע פענעמער. די גאנצע שטוב איז געלעגן אינדערפינצטער. פלוצלינג האָט זיך די באָבע א שטארקן טרייסל געטאָן און פארוואָרפן דעם קאָפּ. מען איז געבליבן פארהעשעטע. צי לעבט זי נאָך? דאָ האָט זי אָבער געעפנט די אויגן און א זאָג געטאָן, דאכט זיך, גאנץ דייטלעך:

— איך כאלעש עסן!

איר האָט זיך פאַרוואָלט כאָטש נאָך איין מאָל אָפּעסן פאַרן טויט.

פעטער פאָליע, דער איידעלער מאַן, איז דעמאָלט אויפגעשטאַנען מאָלע־רעציכע, אויסגעשפּיגן און אַרויס פון שטוב, א קלאַפּ געבנדיק מיטן טיר. עס האָט פאַרשמעקט מיט א קריגערײַ.

די קלוגע מומע מאַלקעלע ווייס אָבער וואָס צו טאָן; זי האָט גע־כאַפּט דעם מעסער, אָפּגעשניטן א שטיק ברויט און צוגעטראָגן דער באָבען. די געשטאָרבענע האָט אָן עפן געטאָן אביכול צו ברייט די מויל, געפּרוווט אפילע קײַען, נאָר אַראָפּשלינגען—שוין ניט געקענט.

אזוי האָט זי פאַרשפּעטיקט מיט דעם לעצטן מאָלצײַט.

*

אין אווײַלע אַרום איז זי טאַקע געשטאָרבן.

די מומע גיטע האָט איר געטאָן דאָס רעכט, צוגעמאַכט די אויגן און אפגיך אַרויסגענומען די שטיק ברויט פון צווישן די דיאַסלעס, עס זאָל ניט קומען צו קיין לײַטישע געלעכטער. מען האָט אַלץ געטאָן, װאָס מע דאַרף. און נאָכדעם, אז בערע איז אוועק שלאָפן, האָבן די ווײַבער אפילע געכאַפּט א ווײַן אויך, קעדיי ניט צו פאַרשעמען דעם מעס; זיי האָבן אַרויסגעלאָזן עטלעכע געלאַסענע טרערן, אָן האַרץ ווייטיק, אזוי ווי עס רינט פון א שויב.

אגעוו, ווײַנען זעלמעניאַנער שטענדיק אזוי.

# אינהאלט



---